חיים גראַדע

# דער
# מאַמעס צוואה

לידער און פּאָעמען

* * * ניו-יאָרק — 1949 * * *

אַ האַרציקן דאַנק —

די איניציאַטאָרן און די אַרויסגעבער פון דעם בוך, מיינע חשובע פריינד דאָקטאָר אהרן סינגאַלאָווסקי און א. א. נוימאַן, פון זשנעווע, שווייץ.

די אָרגאַניזאַציעס: אַרבעטער-קאָמיטעט, יידיש-נאַציאָנאַלער אַרבעטער-פאַרבאַנד און דעם פאַראייניקטן ווילנער קאָמיטעט, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן דערביי.

**חיים גראַדע**

צום אָנדענק פון מיין מאַמען װעלע
בת ר׳ רפאל בלומענטאַל־גראַדע. אומ־
געקומען על קידוש השם אין װילנע,
יום הכיפורים תש״ב;

צום אָנדענק פון אירע שכנות,
די מאַמעס פון אונדזער יידישער גאַס,
װאָס האָבן געלעבט אינאײנעם אין
הייליקער אָרעמקייט און זײנען אַװעק
אינאײנעם צום טויט.

# קום, מאמע, ווי א קינד

קום, מאמע, ווי אַ קינד אויף מיינע הענט,
איך וועל דיך איינשטילן, און דו — דו וועסט מיך טרייסטן.
ערשט איצט אין וואָגל האָט מיין האַרץ דערקענט
אין דיין געדולדיקייט אַ ווידערשטאַנד אַ דרייסטן.
ווי ס׳קריכט אַ פליגעלע אויף גרינעם בלאַט,
ביסטו ביים פרעמדן מינדסטן ריר פאַרשטאַרט געבליבן,
נאָר אין דיין דינעם גוף האָסטו געהאַט
עקשנות וואָס האָט ווייטער לעבן דיך געטריבן.
אויף שטיין האָסטו געדרייט זיך ווי אַ פלאַנץ,
אַ זון האָסטו געבוירן ווי אַ האַרטן דאָרן,
אין שטורעם-ווינט ביסטו געבליבן גאַנץ,
אין שטורעם-ווינט האָב איך מיין גאַנצע קראַפט פאַרלאָרן.
דער בלעטער-פאַל געוואָרן איז מיין קלייד — — —

דאָך וואַרט איך, דו זאָלסט קומען מיך פון יאוש וועקן,
איך רוף צוריק מיין קינדערישע פרייד,
די טעג פון נויט אַפילו און די נעכט פול שרעקן.
גלייך ווי אַ פויגל מיט די פליגל ציט
צוריק די זון וואָס אין געצווייג האָט אויסגעפלאַקערט,
ווי ס׳רופט אַ פלאַנץ וואָס האָט ניט אויפגעבליט
צוריק דעם פרילינג און דעם פרילינגדיקן אַקער.

# יתומים־הויז

מיין מאַמע שלעפּט זיך ביידערנאַכט אין רעגן.
דער ווינט שיט נאָדלען אין איר האַלדז און נאַקן.
לאַמטערנעס שאָקלען זיך איר בלינד אַנטקעגן.
די טראָפּנס ווערן אייז אויף אירע באַקן.
ביז זי דערטאַפּט אַ מויער און פּאַרטוליעט
צום קאַלטן שטיין איר דורכגעווייקטן שטערן.
זי וויל פֿון קינדער־היים, אין שלאָף־פּאַרלוליעט,
דעם שוואַכן אָטעם פֿון איר זון דערהערן.

אין קינדער־היים איז אַ פֿאַרזאָג אַ שטרענגער:
„פֿאַר פֿרעמדע דער אַריינגאַנג איז פֿאַרבאָטן.”
אַ שטיינערדיקער קאַסטן־הויף אַן ענגער,
דער הימל דעקט אים איבער ווי אַ שאָטן.
דאָס קליינוואַרג גראָבט אַריין זיך אין די שטרוי־זעק,
די הונגעריקע מיילער צו פֿאַרשטאָפּן.
די נאַכט איז ווי אַ קאָלדרע דושנע־לויזיק.
מיט אויפֿגעשפּיצטע פֿליגל שטייט צוקאָפּן
דער פֿלעק־טיפֿוס און הייסע קעפּ ער שויבערט.

אַ מאַמע שטייט אינדרויסן אויפֿן רעגן.
דער וועכטער איז אַ האָריקער, אַ טויבער,
און לאָזט זיך ניט אַפֿילו איבערפֿרעגן.
דער טויער פּראַלט אויף פּלוצלונג און אַ וואָגן
אַ פֿליוכע אין דער פֿינצטערניש טוט האַסטיק.
דאַן נעמט די מאַמע פֿאַר דעם שטורעם קלאָגן:
„ווער ליגט דאָרט אין דעם שוואַרץ־באַדעקטן קאַסטן?”

# שפּיטאָל

אַ אין בלענדיקייט פון ווייסן פוסטן זאַל,
זוכט, ווי אַ קראַנקן־שוועסטער אין די בעטלעך,
די האַרבסטיקע לבנה, און איר שטראַל
געפינט צוקאַפּנס בלויז די פיבער־צעטלעך.

מיט אויגן אָפענע איך ליג און גלי.
די קראַנקן־שוועסטער מיידט אויס מיין פּאַלאַטע.
איך בין אַ זומער־פויגל פון ניט הי,
און אויסגעפּראַרן ליגט מיין פייגל־טשאַטע —
די קינדער ליגן אונטער בערגלעך שטיל.
זיי האָבן דאָרט אַרומגעשטיפּט אין וויאַסנע,
זיי קומען גראַבלען טויטערהייט דעם דיל,
און וויגן מיט די שפּיצן פון די סאָסנעס.

פון טיר צו טיר פייפט דורך געהיים אַ הילך,
ווי עמעץ וואָלט אין פירהויז זיך באַהאַלטן.
אין בלויע שויבן בליט די פייגל־מילך,
עס שווימען אויסגעשאָטנטע געשטאַלטן.
אַראָפּ איז עמעץ באָרוועס פון דער וואַנט,
און גייט צו מיר ווי אויף לבנה־שטאַפּלען — — —
די מאַמע לייגט אַרויף אויף מיר איר האַנט,
זי קילט מיין אָטעם און שטילט איין מיין צאַפּלען.

זי האָט זיך מיט דער ליכט־שיין דורכגעשלייכט,
דורך אַלע צימערן מיין בעט געטראָפן.
איר פּנים נעפּלט איבער מיר זיך פייכט,
און ס'ווערט מיין מויל מיט זיסער מילך פאַרלאָפן.
זי פלעכט צונויף אַרום מיין גוף די הענט,
זי בייגט זיך ווי דער הימל מיר אַריבער,
און טראָגט אַרויס מיך פון שפּיטאָל וואָס ברענט
אין אַ לבנהדיקן ווייסן פיבער.

# מיין ערשטע ליבשאַפט

**א.**

דו, האַרבסט, אייל-פאַרביקער, צעפלאַקערט אין מיין לייב,
וועקסט אויף אין מיין געמיט דעם ווי פון מיינע קינדער-יאָרן.
איך הער אַ שטים וואָס רופט צוריק מיך אין מיין קינדער-צייט —
דאָס רופט מיך עמאַ.
אין דעם שפּיטאָל-פּאַרק ליגט זי אויף איר שאָקל-שטול
ווי אַ געליימטע זקנה.
דאָס קראַנקע מיידעלע ווערט אויסגעבלייכטער, וואָס דער האַרבסט
ווערט פלאַקערדיקער.
און אַ פאַרבענקטע קוקט זי ווי אַ פויגל אַ געבליבענער
קוקט נאָך די סטייע וואָס איז אַפּגעפלויגן.

איך לויף אַרום אין פּאַרק און קלייב פאַר עמאַן ברוינע
טויאיקע קאַשטאַנעס.
פאַרשפּילט זי זיך מיט זיי און לאַכט און ערנסט איז איר בליק
ווי ביי אַ מאַמען.
און איך שטיי לעבן איר מיט אויסגעהיילטע לונגען, נאָר מיט
אַ פאַרטייעט קלעמעניש אין האַרץ.
די פייכטע געלע בלעטער פאַלן, פאַלן, קילן אָפּ מיין היים
פאַרברוינט געזיכט.

„די מאַמע" — זאָגט זי — „שרייבט מיך מאָרגן אויס. דער דאָקטער
רעדט זי איין, איך וועל געזונט ווערן אין שטוב.
מיר וואוינען ביי דעם בערנאַדינער גאָרטן. אויף די ווענט
פון אונדזער מויער קריכן פלאַנצן,
זיי קריכן העכער נאָך ווי דו קענסט קלעטערן.

און קאַלינעס אַזעלכע גרויסע, רויטע וואַקסן ביז צו אונדזער
פענצטער. ווערסטו צו מיר קומען?"
און זי פאַרהוסט זיך, און איר שטים ווערט הייזעריק און טרוקן.
איר פּנימל ווערט בייז-פאַרקרימט און אויף די ליפּן אירע
ברענט אַ פייכטקייט,
און די קאַשטאַנעס שיטן אויס זיך פון איר שויס.

ב.

פאַרבלייב איך אין שפּיטאָל אַליין און קלייב ניט מער
קיין זוניקע קאַשטאַנעס.
די רעגן-טראָפּנס פאַלן אויפן שויב און פּערלען זיך אין מיינע אויגן.
און מיך באַפאַלט צום ערשטן מאָל די שטילקייט וואָס געבוירט
געדאַנקען:
איך וועל אַנטלויפן און עס וועט ניט וויסן קיינער.

דערשרעק איך זיך. די ביימער ווייסן עס. זיי שאָקלען
מיט די קרוינען די צעשויבערטע.
און ווי מיין קראַנקער טאַטע קוקט דורך זיינע שווערע ברעמען,
ווען ער הייבט אונטער זיך פון בעט און ס'בלאָזן אָן זיך בלוי
די אָדערן אויף זיינע הענט און שלייפן —
אַזוי קוקט אָן מיך קראַנק דער פּאַרק דער רויט-צעפּיבערטער און
קרעכצט. שטאַרבט אָפּ אין מיר דער אָטעם.

נאָר דורך די פענצטער זע איך עמאָס בלאָס געזיכט, זי ווינקט
און שמייכלט.
און איך דערהער איר פרייד-געשריי, ווי דאַן ווען איך פלעג קריכן
אויף די הויכע שטאַמען.
און צו דעם טויער לאָז איך זיך. מיך רופן אירע אויגן און איר
שטיפעריש געלעכטערל.

די מאַמע איז ניטאָ. ביים קראַנקן טאַטן זיצט זי פּונקט ווי איך
ביים מאַכיק-גרינעם ברונעם.

ס'איז אונדזער הויף פון האַלץ פאַרשימלטן און דורכגעפוילטן.
און מולטערס, טעפּ און שיסלען שטייען אָנגעוואַלגערט אונטער אַלע
וואַסער-רינעס.

נאָר ס'גיסט דער רעגן אַלץ אַריבער און עס שווימט אום דאָס
געהילץ ווי אַ פאַרפוילטע שיף.

דער פּאַרק אַרום שפּיטאָל איז נאָך געדיכט באַבלעטערט ווי דורך
נאַכט צוריק באַוואַקסן,

ער קען זיך גאַרניט אויסטאָן פון זיין קלייד — און אונדזער הייפל
איז הויל-נאַקעט,

עס גרינען בלויז די שימל-ווענט פון אַלטן ברונעם.

ווען איך וואָלט ווי דער פּאַרק געווען אַ פאַרוואַקסענער, וואָלט איך
פאַרשאָטן אונדזער הויף מיט בלעטער ווי מיט פייערן.
איך וואָלט אַ בוים געוואָרן און די מאַמע וואָלט מיך ניט געפונען.
און איך דערמאָן זיך ווידער אָן דער קליינער עמאָן.
אויך זי וואוינט אין אַ גאָרטן און דאָרט וואַקסן רויטע קאַלינעס.
און אויף איר מויער קריכן פלאַנצן העכער נאָך ווי איך קען קלעטערן.

ג.

**ו**אָס זוכט אַ ייִנגעלע אויף פרעמדע גאַסן מיט אַזעלכע הויכע
מויערן ?
די פיס פאַרווייקט אין גרויסע שיך, ער בלאָנקעט אַ פאַרשעמטער.
די שטיינערנע געביידעס קוקן שטרענג. ער קען ניט אומלויפן
דאָ באָרוועס.
די מענטשן זיינען אויך אַזעלכע שווייגעוודיקע און ער פילט
ווי קליין ער איז נאָך.

ס׳איז גוט אים אויף דעם הויף דעם היימישן, דאָרטן טוליען זיך די שטיבלעך,
ווי קינדער אין שפּיטאָל, ווען ס׳טונקלט און די שוועסטער גייט אַרום אַ ווייסע.
ביז ער דערגייט צום בריק, צום בערנאַדינער גאָרטן.
ביי זיין אַריינגאַנג פּלאָמט דאָס קלויסטערל פון ברוינעם ציגל.
און אויף דער אַנדער זייט פון טייכל שטייט אַ נידעריקער גרויער מויער,
און אַ באַלקאָן אַ לאַנגער וויקלט זיך אַרום זיין וואַנט ווי גרעט אַרום אַ שטריק.
און ס׳ווערט דעם ייִנגל פריילעכער: אָט דאָרט וואוינט עמאַ.

ער וויל אַריבערגיין די בריק, זיצט דאָרט אַ בעטלערקע און קלייבט נדבות.
דעם ייִנגל שרעקט איר הויקער, ווי אַ גרויסע זשאַבע וואָלט פון טייך אַרויסגעשפּרונגען.
זי פּרעפּלט, באַלד וועט זי פאַרשילטן אים און איינשלינגען.
באַהאַלט ער זיך בגנבה הינטער דורכגייער, גייט נאָך, און קערט זיך אום צוריק דערשראָקן.
זי קוקט אויף אים מיט אַ פאַרבעלמעט אויג און לויערט בייז אויף זיינע פוסטריט.

דערזעט ער, עמעץ לאָזט אַראָפּ אַ גראָשן אין איר שיסעלע, ווערט ער אויך מוטיקער.
ער שיט אוים פאַר דער זקנה גאָר דאָס קליינגעלט וואָס די מאַמע פלעגט אים געבן.
אַ רגע שטייט ער, ווי ער וואָלט געטראַכט וואָס ער האָט אַלץ געקענט פאַר די מטבעות קויפן.
נאָר אין דעם קלינגען פון די פּרוטות הערט ער עמאָס שטיפעריש געלעכטערל.
די בעטלערקע זיצט אַ צופרידענע, דאָס בייזע אויג ווערט אויסגעלאָשן.
און רואיק מיט אַ טראָט אַ הילכיקן דער ייִנגל גייט די בריק אַריבער.

## ד.

איך קלאַפּ אָן אין דער טיר, איך וועל דערזען באַלד אירע
שטראַלנדיקע אויגן.
די טיר צעעפנט זיך. איר מאַמע וויגט זיך אויפן שוועל: „וואָס
דאַרפסטו, ייִנגעלע?״
איר שטים איז טרויעריק. איך וואַרט אַז עמאַ זאָל דערפרייט
מיך נעמען רופן.
איך שטאַמל: „כ׳בין געווען מיט עמאַן אין שפּיטאָל און זי האָט
מיך געבעטן קומען.״
די פרוי איז קליין אַזוי, אַז איך בין אויפן שוועל פון איר שוין גרעסער.
זי לאָזט מיך דורך אין שטיבל... קיינער איז ניטאָ. די שטילקייט
פון דעם צימער פרירט אויף מיר ווי אייז.

זי זעצט אַראָפּ זיך אויף אַ שטול, פאַרברעכט די הענט און שאָקלט
זיך, פאַרזונקען אין איר טרויער.
זי רעדט צו מיר ווי זי וואָלט אָפּגעריסן ערשט דעם שמועס:
„ס׳איז עמאַ דאָך געשטאָרבן, מיין קליין מיידעלע.״
איך שטיי פאַרשטומט און זע פאַר זיך דעם פּאַרק אַרום שפּיטאָל.
די קוסעם בלעטער האָבן דאָרטן שוין געווים באַדעקט ביז העלפט
די שטאַמען.
אין צימערל איז שטיל אַזוי, בלויז אויפן טיש אַ ליכט-פלעק פון דעם
לעמפּל ציטערט,
און אין דעם ליכט-פלעק ליגן ברוינע גליאיקע קאַשטאַנעס.

דאָס גרויע מאַמעלע הערט אויף זיך שאָקלען, טשוכעט אוים זיך
פון איר ווייטיק.
זי ווייזט אויף די קאַשטאַנעס, רעדט צו מיר ווי צו אַ גלייכן,
אַ דערוואַקסענעם:
„ס׳האָט עמאַ אָפּגעהיט זיי. מיר געזאָגט אַז זי האָט עס
געקראָגן פון איר חברל. ביסטו דאָס ייִנגעלע?
זי האָט געציילט זיי און געגלעט ביז זי איז אויסגעגאַנגען.״

דאָס גרויע מאַמעלע נעמט וויגן זיך נאָך האַסטיקער, ווערט קלענער,
קלענער.

ביז זי דערמאָנט זיך עפּעס מיטאַמאָל און טוט אַ שמייכל אַזאַ
ליכטיקן ווי עמאַ.

זי לייגט אַרויף אויף מיר איר האַנט, אַ דורכזיכטיקע, אויסגעצערטע
האַנט ווי ביי איר מיידעלע,

און אויך איר שטים איז ווארעם ווי ביי עמאַן, נאָר פאַרוואָרגענער
און שטילער:

„גיי, יינגעלע, אַהיים. ס׳ווערט שפּעט און אומרואיק וועט זיין
דיין מאַמע.״

און ווען איך שטיי אינדרויסן שוין, קוק איך אַרויף צום מויער
און איך מורמל:

„ס׳האָט עמאַ דאָך דערציילט מיר אַז די פלאַנצן קלעטערן ביז צו
איר פענצטער הויך. וואו זיינען זיי?

און וואו איז אויך דאָס ביימל מיט די רויטע קאַלינעס —
די רויטע קאַלינעס וואו זיינען זיי?״

# אבלות

די מאַמע ביי דער וואַנט אינדרויסן האָט געהערט,
די וואַסער־רינע האָט פון דאַך אַראָפּגעטערערט,
אין רינע האָט געפּייניקט זיך אַ קליפּה,
וואָס האָט דער מאַמעס ווייטיק אויסגעכליפּעט.
„ווי כמאַרעס שלעפּן זיך אין אַסיען, וועל איך
די טרערן מיינע אויסמראַקען פּאַמעלעך,
און דויערן מיין עלנטקייט וועט שטענדיק,
כאָטש די אבלות־צייט איז שוין פאַרענדיקט.״

פון קעלט פאַרציטערט אין איר אַלטן יאַקל,
האָט זי זיך ביי די ווענט פון הויף געוואַקלט.
און איז זי צו איר שטיבל צוגעקומען,
האָט זי נאָך שטאַרקער טרייסלען זיך גענומען.
האָט זי זיך אומגעקוקט: ביי אריה־משהן
אַ פייער־ווינט ניט אויפגעהערט האָט רוישן.
פון קוימען האָט אַ צונג פון סאַמע פונקען
אַ לעק געטאָן די נאַכט — און איינגעזונקען.
האָט זי מיט גראָז־פאַרוואַקסענע בית־עולם־טריט
אין טיר פון קוזניע אָנגעקלאַפּט, ביים קופער־שמיד.

דאָס בלאָז־זאַק־הענטל איינגעוואַקסן אין דער האַנט,
דער שמיד האָט מיטגעשלעפּט זיין שאָטן פון דער וואַנט,
און גולמדיק געוויגט זיין מידן נאַקן,
אַ הערינג אויף די קוילן אָפּגעבאַקן.
ס׳האָט די אלמנה שטיל די טיר געעפנט,
און ווי אין שרעק זיך מיט זיין בליק צו טרעפן,
דעם קאָפּ פאַרשולדיקט־שטום אַראָפּגעלאָזן.
האָט ער אין האַרניע אויפגעהערט צו בלאָזן,
אַ גלאָץ געגעבן אויף דער יידענע פאַרבליפט,
און אַן אַ וואָרט אין דער אכילה זיך פאַרטיפט.

דער שמיד האָט אָפּגעשאַרט פון דער קאָוואַדלע
די ברעקלעך, און ערשט דעמאָלט מעשה גדלן
צערעדט זיך, מיט אַ דראָט די ציין קאָלופּעט:
„ס'איז אומעטיק אַליין אין דער כאַלופּע?
דער זונדל זיצט אין קלויז מיט די למדנים,
זיי קענען דאָרט די באַנק ניט קוועטשן אָן אים?
אַז גאָר די גאַס, די קרעמער און קצבים
האָט זיך פאַרוועלט צו מאַכן פאַר אַ רב אים.
און ווער וועט העלפן אייך אין דער חיונה?
אַ נייער וואָוילקענער זיך אָפּגעפונען!
ווי איך וואָלט אייער תכשיט גאַרניט קענען,
וואו ער וועט זיין אַ רב — די שטאָט וועט ברענען.
איר גיט אים — מיר, כ'וועל אים פונאַנדערשווייסן,
אים אויסבויגן אין קאַלטן און אין הייסן,
און ס'וועט אַרויס אַ קופּער־שמיד פון אייזן,
אַ נחת פאַר דער וועלט זיך צו באַווייזן,
איר זאָלט פאַרשוואַרצט ניט ווערן ביי די קוישן."
נאָר ס'איז דער שלאָף באַפאַלן אריה־משהן,
און פונקט אינמיטן עצהנען און טאַדלען,
האָט ער צעכראָפּעט זיך אויף דער קאָוואַדלע.

געבלעזלט האָט דער שמיד אַ שווייסיק־נאַסער,
ווי אַ צעגליטער פרענט וואָס ליגט אין וואַסער.
ער האָט אין בייכיקע געווייסטע פאַנען,
וואָס זיינען אין אַ ראָד אַרום געשטאַנען,
אַריינגעחלומט טייגעכצן און טאָרטן,
און געגנדזן־שמאַלץ געפּרעגלט האָט זיך דאָרטן.
דער אָפּגעשרויפטער שרופשטאָק האָט צעפּראַלט די ציין,
ווי ס'וואָלט אַ יאַטקע־הונט געשטיקט זיך מיט אַ ביין.
דער קוימען פון דער האַרניע איז געקראַכן,
דעם באַלקן ווי אַ ווילדער אָקס געשטאָכן.
די בעלקעס אויפגעפלאַצטע האָבן שווער געקרעכצט,
די קוזניע האָט נאָך לופט און פרישן קאַלך געלעכצט.

און דורכגעשוויצט האָט אריה־משה דער פּראָסטאַק
אויף דער קאָוואַדלע אָנגעשפּאַרט געפּייפֿט געשמאַק.

אין ווינקל איז געשטאַנען די אלמנה,
געשוויגן, און זיך ניט געקענט דערמאָנען,
ווי קומט זי דאָ אין וואַרשטאַט ביי דעם מענטשן?
ער עסט אַן היטל, כראַפּעט איין אַן בענטשן,
און גאַרניט ווי קיין ייד — אַזאַ מין הויכער,
און איז אַפילו שבת דורכגערויכערט.

זי האָט אַרויסגעשלייכט אין הויף. ווי כמאַרעס
אַראָפּגעהאַנגען שווער אויף איר דער צער איז.
אַרומגעקראָכן איז אַ שטרייף לבנה־ליכט,
ווי אויף אַ בלאַט אַ ווערעמל — אויף איר געזיכט.
אַ ווינטל האָט מיט אירע האָר אַרומגעשטיפט,
ווי אָפּגעחוזקט וואָס זי שטומט אַזוי פאַרטיפט.
האָט זי דאָס שאלכל ביז די אויגן אָנגערוקט,
און אויף די שטיינער פון דעם הויף אַראָפּגעקוקט.

# ערב שבת

מיין מאַמע האָרעוועט אין ענגער קיך.
ס'איז דאַנערשטיק ביינאַכט. זי גרייט דעם שבת.
ווי קלעצער שלעפּט זי אויף די פּיס די שיך,
די אָרעמס אירע הענגען שווער ווי שטאַבעס.
אַ דאַנק דעם אייבערשטן און אים אַ לויב,
כאָטש ביז דעם האַלדז פאַרענגט זיך און פאַרבאָרגט זיך,
האָט זי אין יאַטקעס איינגעהאַנדלט דרויב,
מיט חלות צוויי צו קידוש אויך פאַרזאָרגט זיך.

זי שיילט און בראָקט, ביז ס'שפּינט אַרום דער דרימל
די פינגער אירע. ס'פּאַלט דאָס מעסער-קלינגל.
דערשראָקן טשוכעט זי זיך: גאָט אין הימל!
אין צווייטן חדר זיצט נאָך וואַך איר יינגל.
אָן כּוח מורמלט זי: „מיין קינד, גיי שלאָפן,
און לאָז מיך ניט פאַרזינדיקן די וואָך —
דעם שבת צוגרייטן." נאָר ער האַלט אָפן
זיין האַרץ פאַר וואונדער-מעשׂות נאָך און נאָך.

פאַרגייט זיך הייזעריק איר קול דער ווייכער
פון צער און טרערן: „וויי צו מיינע יאָרן,
דו מישסט די בלעטער, מישסט — און ווערסט אַלץ בלייכער,
ווי דו וואָלטסט דיין געלעכטער דאָרט פאַרלאָרן.
אין ביכער ביסטו ווי אין זאַמד פאַרגראָבן."
די מאַמע קרעכצט ווי זי וואָלט זיך פאַרשאָבן
אַ פינגער...

ס'קריכט דער טאָג אין טיר אַריין.
דער נאַפט-לאָמפּ, ווי אַרויסגעפלעקטער פיבער,
ווערט בלייכער אויף די ווענט אין גרויער שיין.
אַ בלאַסע מידקייט גייט דעם יינגל איבער.

דאָך קען ער זיך ניט אָפּרייסן, די מעשה
אים צוויטשערט אין די אויערן ווי פֿייגל.
עס טאַנצן אום אין חדר פֿלעקן ווייסע,
ווי קעצלעך וואָלטן זיך אין שפּיל געבייגלט.
דער קלויסטער־גלאָק קלינגט אוים ביי אים אין קאָפּ.
ער לייגט זיך שלאָפֿן. נאָר פֿון זיינע אַקסל
די וואונדער־פֿייגל פֿליען ניט אַראָפּ,
ווי אויפֿן יינגל וואָלטן פֿליגל וואַקסן.

דער מאַמען אָבער אין דער ענגער קיך
די זאָרג וואַקסט ווי אַ הויקער אויף דער פּלייצע.
זי פּלאָנטערט מיט די הענט אויף גיך, אויף גיך.
און ווען אין אויוון ענדיקט זיך דאָס הייצן,
פֿאַרשאַרט אין קויל דער שבתדיקער מאָלצייט,
ווערט זי ערשט אומרואיק. ס׳איז שוין ניט פֿרי,
און ס׳איז אַריינקריכן צוריק אין עול צייט
צו דער בייטאָגעדיקער שווערער מי.

דער אימפּעט טרייבט אַרוים זי אויפֿן מאַרק.
איר האַרץ וויל איר פֿאָרוים אַריבערלויפֿן.
עס ענדיקט זיך דאָס גרינס און אויפּס איז קאַרג,
ווער זי באַווייזן עפּעס נאָך צו קויפֿן?
אָן אָטעם שטופּט זי זיך צו אַ געשטעל,
און נישטערט אין געדראַנג אַ ביסל סחורה.
די אויגן פֿלאַקערן, איר הויט איז געל,
זי טאַפּט די וועגענער, זי ווערט געוואוירע.

דער פּויער געגעצט: „אַלץ שוין אויספֿאַרקויפֿט.”
און אין זיין וואָנץ די פּייקע בלוי זיך רויכערט.
פֿאַרסאָפּעט צו דעם אויפּס־קרעמער זי לויפֿט,
מיט פּחד קלערט זי פֿון דעם דיקן סוחר,
וואָס שטעכט אַדורך מיט נאָז־וואָרצלען מיט האָריקע
איר האַרץ, און מאָנט נאָך חובות פֿאַראַיאָריקע.

די מאַמע וויינט און שווערט זיך, ביז ס׳דערעסט
דעם פּרוכט־הורטאָווניק. שיט ער אָן איר קוישן
פֿאַרפֿוילטע עפּל. לויפֿט זי און פֿאַרגעסט
די שווערע משא אין די הענט צו טוישן.

צונויפֿגעפֿינגערט אויף דער ברוסט די הענט,
די לאַסט זאָל איר די אָרעמס ניט צעברעכן,
דערשלעפּט זי זיך אַהיים, איר אָטעם ברענט,
און דינע שפּילקעס איר אין מוח שטעכן.
דאָך שטאַרקט זי זיך. ביינאַכט, אם ירצה השם,
וועט זי זיך אויסרוען די מידע ביינער.
אין טויער איינגעשמידט ווי אין אַ קלעם,
איר שניידן אין די פֿיס די קרומע שטיינער.
נאָר זי פֿאַרגינט זיך ניט אַנידערזעצן,
צעשטעלט דאָס אויפֿס, די מערן און די ציבל,
דאָס גרינס וואָס וויאַנעט האַלט זי אין איין נעצן,
רופֿט קונים מיט תחנונים און פֿאַראיבל.
דאָך שטעלט זיך קיינער ביי איר קויש ניט אָפּ,
און ס׳איז געפּראַפּט דאָס קרעמל פֿון אַנטקעגן.
אַ ווייבל טאַפּט ביי איר אַ בינטל קראָפּ,
און זי מוז פֿאַרן קונד דאָס האַרץ צעזעגן.
אין טויער פֿאָרט אַריין אַ ברייטער וואָגן,
אַ קאָשיק פֿאַלט. די פּרוכט ווערט אויסגעשאָטן.
זי וואַרפֿט זיך אונטער רעדער מיט אַ קלאָגן,
ווי ס׳וואָלט דאָס פֿערד איר לעבן דאָרט צעטראָטן.

עס ברענט אויס אויפֿן קלויסטער־שפּיץ דער פֿרייטיק,
איצט באָט זי אָן איר סחורה האַלב אומזיסט.
ווי אַ פֿאַרשולדיקטע, בגנבה־זייטיק
זי קוקט זיך אום. אָז ווי איז איר און וויסט!
די באַלעבאַטים שליסן די געשעפֿטן,
עס קלינגען הענג־שלעסער, עס קרעכצט אַ לאָדן,
און מיטן שבת־קודש זיך באַהעפֿטן
דער פֿרוש גייט פֿון מקווה אויסגעבאָדן.

ער מוסרט זי: „איר טראָגט דאָך אַ פּאַרוק,
ווי פּאַסט עס, איר זאָלט ליכט־בענטשן פאַרזאַמען?״
און שטיל ווערט אַרום איר און אַ געקוק,
אַז פינצטער אין די אויגן ווערט מיין מאַמען.
און זי ווערט רויט ביז אין די האָר די גרויע,
זי טרייבט פון זיך די קונים. איצטער דווקא
זיי שטופּן זי דורך פּדיון — צו נסיון.

זי רייסט זיך אָפּ פון וואָך ווי פון אַ פּיאַווקע,
און לויפט אין שטוב, אויף גיך פאַרשפּרייט אַ טישטעך,
געיאָגט אַ וואָך אַ גאַנצע — און פאַרזאַמט!
דעם שוויים פון פּנים ניט אַרומגעווישט זיך.
די ליפּן — בלייך, די באַקן — רויט־פאַרפלאַמט.
זי רוקט אַראָפּ דאָס שייטל אויפן שטערן,
דורך אירע פינגער קאַפּעט אויף די ליכט
איר שוויים וואָס מישט זיך אוים מיט אירע טרערן:
ס׳האָט גאָט איר שבת אויך ניט אויפגעריכט.

# שכנות

ס׳איז שבת אויף דער נאכט. אין טונקל לויכטן
די טאפליעס פון דעם אויסגעקילטן אויוון.
די וואך קריכט שוין פארדאגהט נאך דעם שבת,
ווי נאך דער זקנה בלומע קריכט איר שאטן.
דער בין-השמשות קווענט פון איר ווי פון א קאלטער קרעניצע.
מיין מאמע ביי דער שויב, נאך מיטן קאפ אין טאג,
שטיל לייענט פון דעם טייטש-חומש.
איר ניגון וועבט זיך איין ווי שטרייפן-ליכט אין דעמער.
ביז ס׳קריכן אין די אויגן איר אריין די אותיות.
זי ווערט אנטשוויגן. אין איר שווייגן זאמלט זיך די נאכט.

די שכנה מורמלט: „זעט איר, וועלע,
די אויסגעברענטע לייכטער אויפן טיש?
דאס בין איך מיט מיין ברוכן. צוויי מתים.
ביינאכט קען איך ניט צוטאן מיט קיין אויג,
אין קאפ זיך פלאנטערן געדאנקען הונדערט.״
און זי נעמט אויסדריבלען א לאנגן חלום,
און לענגער ווערן ארום איר די שאטנס:

„אנומלט עפנט זיך די טיר און פייוויש קומט אריין.
‚מיינסט, מאמע,׳ — זאגט ער מיר, — ‚איך בין אוועקגעפארן?
איך בין ארוים אט נאר וואס.״ און ער שמייכלט.
אין שטוב איז ליכטיק, שטיל און ווארעם.
אברהמל בייסט די נעגל אין א בוך אריינגעטאן.
יהודית א געלאסענע ווי שטענדיק שטריקט,
און ס׳לויכטן אירע פינגער.
ס׳איז מאדנע, טראכט איך, זיינען מיינע עופעלעך זיך נים צעפלויגן
אין ווייטע לענדער איבער שבעה ימים?

דערזע איך, פּייוויש קוקט אויף מיר מיט אומעטיקע אויגן,
פֿאַרמאַטערט אָנגעשפּאַרט אָן ווינקל, אין אַ לאַנגן בגד,
פֿאַראומערט ווי אַ רעגנדיקע נאַכט.
און קוים וואָס ער באַוועגט די ליפּן: ‚מאַמע,’ — זאָגט ער —
‚דער האָרב אויף דיינע פּלייצעס ווערט אַלץ גרעסער.’
דערפֿילט האָב איך אין האַרץ אַ שטאָך,
און אַ כיכיקען אין די ווינקלען.
אין שטוב איז פֿינצטער, קיינער איז ניטאָ,
נאָר אויפֿן דיל שפּאַצירן מייז,
זיי שטעלן זיך אַרום דעם פֿולן עמער וואַסער,
און טרינקען לאַנג און דאָרשטיק.

מיטאַמאָל שפּרינגט אַרויף אַ מויז אויף מיין צוקאָפּנס,
און אַלע טאַנצן אַרום מיר און קוויטשען:
די קאַץ די פּגירה שלאָפֿט, די קאַץ די פּגירה.

דער זייגער עפֿנט צוועלף פֿאַרקלעפּטע אויגן,
ער גיט אַ כריפּ — און אַלץ פֿאַרשווינדט.
דער זייגער ווערט ווי פֿריער בלינד און געל.
מיין אַלטיטשקער אין טלית שטייט ביים שטענדער
אַ ליכטיקער אַזאַ און שעפּטשעט: ‚גאָטעניו,
ווי זשאַווער פֿרעסט אַ כלי, פֿרעסט מיך עלנט.’
אויך איך נעם מיטוויינען פֿון דרימל: עלנט, עלנט,
און פֿון געוויין האָב איך זיך אויפֿגעכאַפּט.”

אַזוי דערציילט די שכנה בלומע און קוקט אויס,
באַווייזט זיך ניט אין הימל שוין אַ שטערן?
דער אַלטער אירער איז אַוועק צו מעריב,
און איז נאָך ניט צוריקגעקומען. ווערט זי קלענער,
און זינקט אין חשכות ווי אַ קאָרטש אין מאָך.

די מאַמע זעט מער גאָרניט אין דעם טייטש־חומש,
זי הערט נאָר ווי די שכנה פּרעפּלט:

„אַז גוט איז אײַך און וואויל. דער זון איז נאָנט,
אַ פּאָר שעה מיט דער באַן, דערנאָכדעם מיט דער אַקס,
ער זעט באַשײַמפּערלעך פון וואלקעניק דאָס פײערל אין אײער פענצטערל.
און איר קענט וואַרעמען זיך ממש בײַ זײַן קול וואָס לערנט תורה פלײסיק.״

די מאַמע הערט און דינער ווערט איר רוקן,
און בלײַכער צוקן אירע ליפּן:
„אַ דאַנק דעם אײבערשטן, געוואַקסן איז מײַן זון דורך מײַנע טרערן,
ווי העכער וואַקסט אַ פלאַנץ בײַ וואַסער־ברעגעס.
נאָר איך זאָל ניט פאַרזינדיקן מיט מײַנע רייד:
אין האַלבער נאַכט איז שטיל בײַ מיר אַזוי,
אַז איך ווער טויב. איך ווײס ניט אָפּטמאָל,
איך לעב צי בין איך שוין געשטאָרבן?
פון שטענדיק זײַן מיט זיך אַלײן, ניט־דאַ־געדאַכט,
איך פיל זיך מיט מײַן אײגן לײַב — ווי זאָל איך זאָגן? —
גלײַך ווי אַ לעבעדיקער מיט אַ בר־מינן אויף אײן געלעגער.
איז וויל איך איצט אײַך טאַקע בעטן, בלומע,
איר זאָלט בײַנאַכט מיר אַנקלאַפּן אין וואַנט,
ס'זאָל זײַן מיר פרײלעכער און איך זאָל וויסן,
אַז עמעץ נאָך געדענקט מיך אויף דער וועלט.״

און בײדע שווײַגן שוין און קוקן אויס אַ שטערן.

# דער מקובל

מיין הארץ איז אומרואיק און היים מיין לייב,
אנטלאָפן בין איך פון מיין היים און יוגנט.
מיין דאָרשטיקייט אין איינזאַמקייט מיך טרייבט,
ווייל איך בין ניט מיט קאָרגער פרייד באַנוגנט.
ווי אין אַ יאַטקע־קלאָץ אַ שאַרפע האַק,
האָט איינגעהאַקט אין מיר זיך די לבנה.
איר שיין רינט אַפּ געזאַלצן פון מיין באַק,
איך הער מיין אויפגעריסן לייב מיך מאָנען.

בין איך אַוועק פון ניט־דערגרייכטן גליק
אויף פאַרשטעמט מיט געהויקערט־גרינע דעכער,
האָט אויף מיין האַלדז דאָס לעבן ווי אַ שטריק
צוריקגעשלעפּט מיך פון די טיפע לעכער —
און ווידער מיך געטאָן אַ שטויס אַראָפּ,
ווי פון אַ תפיסה־קאַמער — אין אַ קעלער.
בין איך אַוועק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ,
אַהין וואו ס׳גרייכט ניט מער דער טאָג, דער העלער.

אין שטעטלעך מאָכיקע, אין טיף פון וואַלד,
אַ בוידעם־שטוב פון קלעצער ניט געהובלט.
דאָרט זיץ איך איבער ספרים. שטרענג און אַלט
בין איך דער אַכצן־יאָריקער מקובל.
אין מרה־שחורה זינק איך, ווי אַ הויז
וואָס שטייט אין זומפּיק וואַסער ביז די פענצטער.
ביים טאָג־שיין קוקן שרעקעוודיק אַרויס
פון מיינע אויגן נאַכטיקע געשפּענסטער.

אַ לאַסט איז מיר מיין גוף, מיין בלוט איז טריף,
די שקיעות פלאַקערן ווי קעסלען סמאָלע.
אויף אַלע טויטן, שווערד און בליי און שלייף,
פאַרמשפּט מיך די תורה פון קבלה.
מיין באָרד וואַקסט שטעכיק מיר אין מויל אַריין,
אין מויל וואַקסט האָריק מיר אַריין מיין שטומקייט.

אין חדר מיינעם פאַלט אַ קרומער שיין,
וואָס צאַפּלט זיך אין שפּינוועבס פון מיין פרומקייט.

אין ספרים פאָרש איך שוין ניט מער געהיים,
אין שאַרבן הויערט גליווערדיקע פּוסטקייט.
מיין הויט פאַרדאַרט און קרישלט זיך ווי ליים,
איך לעב אין חלום פון דער אומבאַוואוסטקייט.
ווי פון אַ קאַלטן קראַן די לעצטע טראָפּנס,
רינט אויס מיין מאַרך און ס'זינקט מיין קאָפּ אַרונטער — — —
נאָר עמעץ שטעלט אַוועק זיך מיר צוקאָפּנס,
און ציטעריקע הענט מיך האַלטן אונטער.

אַ צאַפּל טוט דאָס שפּינוועבס פון דעם בוידעם,
ווי ס'רונצלט זיך אַ טייך, אין שליים פאַרגליווערט,
ווען ס'גיט דער פּלעסק פון רודער אַ צעהויד אים —
ס'לויכט איבער מיר מיין מאַמעס קאָפּ, דער סיווער.
זי שטעלט אַוועק זיך צווישן מיר און טויט,
באַטאַפּט מיך אומרואיק מיט אירע פינגער.
דער דרויסן שמעקט פון איר מיט וואַרעם ברויט,
מיין אָטעם דער פאַרוואָרגענער ווערט גרינגער:

„דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט אַז דו ביסט קראַנק,
פאַרבלאָנדזשעט האָסטו פון דעם וועג דעם רעכטן,
פאַרטונקלט איז געוואָרן דיין געדאַנק,
דיין פרומקייט האָט זיך אויסגעלאָזט צום שלעכטן.
פאַרקראָכן ביסטו אויף אַ בוידעם־שטיבל.
איז וויל איך פרעגן ביי דיין קלוגן רבין:
כ'וויל וויסן, רבי, האָט ניט קיין פאַראיבל,
די תורה לערנט פיינט האָבן דאָס לעבן?"

מיין פּנים ווערט דערפרישט פון אירע טרערן,
זי פירט מיך פון די שטיגן ווי אַ קראַנקן,
און אויפגעלויכטן ווערט מיין כמאַרנער שטערן,
ווי דורכגעשטראַלט פון זוניקע געדאַנקען.

# ווילנער האַרבסט

יום-כּפּור, ווען די קרומע שול-הויף-געסלעך
זיך טוליען צו די קלויזן פֿרום דערשראָקן,
מיט די טליתים איילן באַלעבעסלעך,
און זקנים שלאָנדערן זיך אין די זאָקן —
פֿאַרקלעמט מיך שטאַרקער נאָך די געטאָ-ענגשאַפֿט,
און ווי דאָס גאָלד פֿון אָסיען ברענט מיין בענקשאַפֿט.

איך בלאָנדזשע דורך די געסלעך פֿון „אַנטאָקאָל",
און אויפֿן באַרג „די הייליקע דריי קרייצן".
די שטאָט, ווי זי וואָלט זיך אַן אויג פֿאַרשאָקלט,
פֿאַרהויכט איז. טרערן פֿון איר פּנים פֿלייצן.
די חורבות די פֿאַרצייטיקע פֿון שלאָס-באַרג
צעגליען זיך אין בלעטער הויך פֿאַרשאָטן.
די ביימער נאַקעט שרייען, ווי אין גלאָזוואַרג
אַ באָרוועסער וואָלט ראַש אַריינגעטראָטן.

עס פּלאַקערט געל דער פּאַרק „דער בערנאַדינער".
דער קלויסטער פֿון אָרויפֿגעשפּיצטער גאָטיק
איז פֿון אַ בינטל זונען-שטראַלן דינער,
נאָר דער אַריינגאַנג האַרבסטיק איז און בלאָטיק.
אַ בעטלער ביי דער טיר קוקט אָן מיך שטרענג,
ס'באַטראַכטן די קאָטוילן מיך מיט חידוש,
זיי זעען ווי אויף מיר דער אָסיען הענגט,
און אַז די אויגן מיינע זיינען — יידיש.

די שקיעה טריפֿט צעשטאָכן פֿון קופּאָלן,
און קרייציקט זיך אויף צערקוועס פּראַוואָסלאַוונע.
נאָר גלעקער קלינגען אוים די ווידערקולן
פֿון ענגע געסלעך יידישע וואָס דאַוונען.
איך הער, עס ראַנגלען זיך מיט לעצטע כּוחות
די דאַוונער. קעפּ אין אָרון מיט נעיאַמער.

אוועקגעצויגן פלאַטערט דער פּרוכת.
דער טאָג פאַרגייט. קיין רחמים איז ניטאָ מער.

דער רב ביים עמוד האַלט איין דאָס געדראַנג.
אַ שמאָלער ווי אַ ליכט און בלייך פון פאַסטן,
גייט ער אַ מונטערער מיט אַ געזאַנג,
ווי ער געטראָגן וואָלט אַ צירונג-קאַסטן.
דער עולם האָט צו אים זיך אָנגעבויגן,
און וויל מיט אים אין פלאַקער זיך באַהעפטן;
ווי אויף דער לעצטער סטרונע רייסט אַ בויגן,
דעם הימל רייסן זיי מיט לעצטע קרעפטן —
און איך שפּרינג אויף...

די נאַכט-שטאָט פלעמלט פרייִדיק.
איך יאָג אַהיים: ס'איז אונדזער שטוב פאַרלאָדנט.
איך לויף אַריין אין ווייבער-שולכל — ליידיק.
אין מענער-שול — און ס'נעמט אַ שוויים מיך באָדן.

אין פוסטן קלויז, באַלויכטן פון נר-תמיד,
אָט דאָרט וואו ס'איז מיין טאַטע יאָרן-לאַנג
געזעסן, שטייט מיין מאַמע שטיל און באַנג,
די אויגן צוגעמאַכט, דאָס פּנים גראָ-מיד.
זי קוקט מיך אָן, און מיט איר דינער האַנט
זי צערטלט מיך. ס'לויכט אויף איר בליק דער פייכטער.
די ליפּן ציטערן, און אויף דער וואַנט
עס ציטערן די שאָטנס פון די לייכטער.
זי שעפּטשעט אַ נאָך ניט-דערזאָגטע תּפילה,
ווי זי וואָלט אויסגעלייזט מיין כמאַרנע שטומען:
„איך בעט ביים טאַטן דיינעם איצט מחילה,
וואָס דו, מיין זון, האָסט ניט זיין אָרט פאַרנומען.”

# צעשיידונג

אין מיר האָט נאָך ניט אויסגעבלענדיקט יענער טאָג,
אין מיינע אויגן בלויט און לעשט זיך נאָך דער הימל
פון יענעם אינדערפרי, וואָס האָט אויף יעדן ראָג
געזוממערט און ביי יעדן טויער פויל געדרימלט.
ביז ס'האָט די לופט צעשניטן שטאָלענער געוואָי —
און בלינד געמאַכט די שטאָט. עס האָבן אַלע שויבן
געפּלאַצט ווי אויף דעם ים־ברעג כוואַליעדיקע בלוי,
און ס'איז דאָס פענצטער־גלאָז צעפלויגן זיך ווי טויבן.
דאַן האָט די גורל־האַק אין האַסטיקן צעוויג
מיטאיינמאָל זיך אויף יעדן קאַרק אַראָפּגעלאָזן,
און איידער נאָך דאָס מויל האָט אויסגעפּיבערט: „קריג!"
האָט שוין די זון געלעקט דאָס פרישע בלוט פון גראָזן — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —

די געשטאַפּאָ ביי מיר אין שטוב? אַ טויט, אַ אימה!
אוועקגיין פון דער היים? אַ האַרץ, אין טירוף־צאַפּל!
נאָר די אַנטלאָפענע פון פּוילן, פון די היימען,
וואָס טראָגן נאָך אין די פאַרלאָפענע שוואַרצאַפּל
פאַרוועבט דעם האַקנקרייץ ווי שוואַרצע שפּינען צוויי,
זיי וואָרענען: „דיין וואַנדער־פּעקל נעם און גיי!"

ווי ס'וואַקסט אַ כוואַליע העכער, העכער — וואַקסט מיין **שוועל**.
די שטאָט האָט ווי אַ שטראָם אַ בראָך געטאָן די צאַמען.
און אויסגעטריקנט, אויסגעשרפעט איז מיין קעל,
ווי איך וואָלט אויסגענאָגט די זאַלץ פון אַלע ימען.
ווי אַ געיאָגטע חיה, איינגעשפּאַרט אין בוים,
איך דריק זיך צו דער וואַנט. דער רעש קומט נענטער, **נענטער,**
און כוואַליעט הויך און קאַכט אַריין אין מיר זיין שוים,
און שלעפּט מיך מיט. עס פאַלט דער דאַך אַ דורכגעבראָכענער.

דער דיל נעמט אונטער מיר זיך וויגן. מיינע הענט
פאַרצאַפּלט שליידערן זיך ווי אין נעצן — פיש.
איך גלעט די ביכער-שאַנק, די טיר, איך טאַפּ די ווענט,
און מיט פאַרקראַמפּטע פינגער צערטל איך דעם טיש.

איך לויף אַרויס. עס ברענט מיין קאָפּ — אַ ליקוי-חמה.
די הענט פאַרבראָכן לויפט אַנטקעגן מיר מיין מאַמע.
זי קוקט מיך אָן מיט טויט-שרעק און בטחון:
„מיין זון, זאָלסט גלייביק זיין. דעם שבת-טאָג געדענקען.
און ווייסטו ניט דעם טאָג — היט אָפּ אים אינדערוואָכן."
„דו זאָלסט ניט, מאַמע מיינע, אומקומען פון בענקען."
איך רייס דאָס וואָרט פון האַלדז אַרויס מיט בלוט אַ שטיק,
און לויף, די וועג-חברים הינטער שטאָט דעריאָגן.
אַ מערדער לאָזט מען אויך צום הימל טאָן אַ בליק —
איך האָב מיין מאַמען ניט געלאָזט איר וואָרט דערזאָגן.

# צווישן מינסק און באָריסאָוו

מיר גייען אַ מחנה פון טויזנטער גייער,
אונדז שרעקט יעדער שאָרך אין די הויכע געוויקסן,
און ס'איז אונדזער טרייסט די פיר רויטע־אַרמייער,
וואָס היטן אונדז אָפּ מיט געלאָדענע ביקסן.
פיר רויטע־אַרמייער, די ביקסן געלאָדן,
פון אַלע פיר זייטן די מחנה באַוואַכן.
אַרונטערגעלאָזטע באַגנעטן צום באָדן
די פינצטערניש שטעכן אַדורך אויף די שליאַכן.
אין שאָרכן פון זעלנערשע האַרטע שינעלן
דערקען איך דעם גורל פון דעמבענע סלאַוון,
וואָס האָבן פאַרלאָזן די היימישע שוועלן,
און שטומען אַזוי ווי פאַרוואָקסענע סטאַוון.
נאָר ווי איז צו דעם וואָס ס'מאַכט בלינד דאָס געוויין אים,
און ווי איז צו יענעם וואָס זייטיק פאַרבלאָנקעט.
אַצינד מוזן אַלע זיך האַלטן אינאייינעם.
ווייל פאַל־שירעמס — גיפט־שוואָמען — וואַקסן אויף לאָנקעס.
פאַרנאַכט זיינען אויף די ווייס־רוסישע פעלדער
אַרונטער פון הימל די מלאכי חבלה —
דעסאַנטן. איצט פייערט דער טויט פון די וועלדער,
ווי ס'וואָלטן די וואָרצלען געפלאַקערט אין סמאָלע.

איך גיי אינדערמיט פון די פליטים. מיין אָרעם
שטויסט אָן ווי אַ מילשטיין אין אָרעם פון צווייטן.
ס'איז גוט מיט דער מחנה, פאַרוואָגלט און אָרעם
צו שפּאַנען און שלעפּן די וויאָרסטן ווי קייטן.
איך וואָלט אויסגעטאָן בלויז די קליידער, ס'זאָל גרינגער
מיר זיין פון דעם וועג — פון דעם שלאַנג צו אַנטרינען.
דערפיל איך דעם קראַמף פון פאַרוויייטיקטע פינגער,
וואָס האָבן באַרירט זיי. ס'לויכט־אויף אין מיין זינען:
מיין מאַמע געגלעט האָט אויף מיר מיינע בגדים,
און לאָז איך זיי, בלייבט זי מיט זיי אויף די וועגן.

דעם אָבל וואָס קומט פון דעם פעלד, איז אַ שאָד אים
פאַרברענען דעם שטרוי וואו דער מת איז געלעגן.
אים דוכט זיך, ער וועט דעם באַרדיקטן נאָנטן
צוגלייך מיטן רויך פון זיין שטיבל פאַרטרייבן —
איז מיטשלעפּן וויל איך אויף זיך כאָטש מיין אָנטאָן,
אין אים וועל איך לאַנג אין מיין היים נאָך פאַרבלייבן.

און פינצטערער ווערט אַלץ דער וועג און געדיכטער
די מחנה וואָס לויפט ווי צעריסענע כמאַרעס.
סיגנאַלן פון ליכט ווי גיהנומשע ליכטער
פון וואַלד אַרוים לויערן. נאָנט די געפאַר איז.
מיטאיינמאָל צעוויגט זיך דער מענטשן־געפלאָנטער,
אַן אומרו פון גייער צו גייער גייט איבער:
„ווער שרייט אַזוי ווילד, אַזוי הויך אין דער נאָנט, ווער?"
אַ וואוקסיקער יונג, אַזאַ וואָלדיקער גיבור,
אַנטקעגן אונדז שטייט מיט פאַרקערטע שוואַרצאַפּל,
און האַלט אין דער האַנט דעם מאַטאַר פון אַן אויטאָ,
ווי ער וואָלט געהאַלטן אַ האַרץ וואָס נאָך צאַפּלט.
זיין האַנט איז פאַרבלוטיקט און פלאַקערט אַ רויטע.
ער שרייט: „ס'וועט דער שונא קיין מאָסקווע ניט קומען" —
און אין זיין געשריי איז שגעון־געלעכטער —
„איך האָב דעם מאָטאָר פון מאַשין צוגענומען,
איך בין פון צעשמעטערטן אויטאָ דער וועכטער."

ס'גייט דורך אַ געמורמל, אַ פּראַסטיקער שוידער:
„עס האָט אים געטראָפן אין שאַרבן אַ שפּליטער."
און גרעסער דער פּחד איז פאַר זיין געפּלוידער
ווי פאַר דעם דעסאַנט וואָס די וואַלד־וועגן היט ער.
און פּלוצלונג דער מאַן אויפגעהויבן דעם אָרעם,
אַנטקעגן המון וואָס פאַרגליווערט פון שרעק איז,
נעמט רייסן זיך ווי ס'וואָלט געיאָגט דער מאָטאָר אים.
און אויף די ווייס־רוסישע נאַכטיקע שטרעקעס
צעשיט זיך די מחנה געטריבן פון אימה,
ווי ס'וואָלט אַ געוויטער צעיאָגט קופּעס בלעטער.

מען וואַרפֿט זיך אין גראָבנס, אין גריבער געהיימע,
ווי חיות אין ווילדן געשנאָרך און געקלעטער.

אין בלינדן געלויף פֿון דעם זעלנערס שגעון,
איך פֿאַל אין אַ ראָוו און אָן אָטעם בלייב ליגן.
איך הער איבער מיר אַ געכאָרכל, אַ וואָיען,
אַ טופּעניש גלייך ווי די ערד וואָלט זיך וויגן.
ביז ס׳ווערט דאָס געווירבל פֿון פֿוס־טריט דערווייטערט,
און טויב הילכן אָפּ דעם מטורפֿם געשרייען,
ווי ס׳וואָלט זיך אין גסיסה אַ שטורעם געשליידערט,
ביז אויך די געשרייען פֿאַמעלעך פֿאַרגייען.
און אין דער פֿאַרשטומטקייט מיין פּחד ווערט גרעסער,
אַליין מיטן וואַלד און פֿאַרהוילענער שטילקייט.
דאָס שווייגעניש בויערט מיין מאַרך ווי אַ מעסער,
און אייז ווערט מיין גוף אין דער נאַכטיקער קילקייט.

דער גרוי־קאַלטער הימל נעמט ליכטיקער ווערן,
און ווערט דורכגעשטאָכן דורך שטאָלענע שטראַלן,
איך ווייס, אַז באַלד וועל איך מאַטאָרן דערהערן,
און רויב־פֿייגל וועלן די וועגן באַפֿאַלן.

ביים וואַלד־ראַנד דערזע איך צוויי שאָטן־געשטאַלטן,
זיי רוקן פֿאָרויס זיך. ווער זיינען זיי, שונאים?
זאָל זיין! איך וועל מערניט פֿון טויט זיך באַהאַלטן!
איך יאָג אָן דעם מאַן און קוק מערדערלעך אָן אים: —
אַ ייד. אויף זיין אַקסל ער שלעפּט ווי אַ קעמל
אַ פּאַק. אויף זיין האַנט הענגט אַ בלעכענער טשייניק
מיט וואַסער. מיין גוף, האַלב געליימט נאָך אין דרעמל,
דערלאַנגט זיך אַ טרייסל פֿון באַלדיקן תענוג:
„אַ טרונק! אויב איר זייט ניט קיין חיות, נאָר מענטשן" —
איך שריי מיטן קול פֿון משוגענעם זעלנער,
און שטרעק אויס צום טשייניק די ציטריקע הענט שוין,
איינגאַנצן בין איך אַ צעריסענע קעל נאָר.

דער יונג קוקט אַפּער פֿון פֿאַרוואַקסענע ברעמען,
ווי שווער וואָלט געווען אים פֿון אונטער דער משא
צו ריידן. זיין האַנט נעמט נאָך שטאַרקער פֿאַרקלעמען
דעם טשייניק. זיין פּנים קרימט אויס אַ גרימאַסע:
„אַליין טרינק איך אויך ניט. ס'איז בלויז פֿאַר דער מאַמען.
אַ טרוקענער דאָרן איז איצטער מיין גומען."
ערשט דעמאָלט דערזע איך די פֿרוי וואָס צוזאַמען
מיט אים שלעפּט די פֿיס פֿון דעם פּיינט צו אַנטקומען.
די הענט אירע זיינען אַרונטערגעלאָזן,
געהויקערט איז זי, איינגעבראָכן אין צווייען,
עס גרייכן די הענט אירע ביז צו די גראָזן,
ווי אויסגעטשאַפּט וואָלט זי דעם וועג וואו זיי גייען.
זי גלייכט אויס פֿאַמעלעך איר זקנהשן רוקן,
און קוקט אָן מיט ליבשאַפֿט און ווייטיק אונדז ביידן.
דער יונג נעמט אויף מיר אַ דערשלאָגענער קוקן,
ווי ער וואָלט זיין משפּט דערהערט אין איר ריידן:
„גיב טרינקען, מיין זון, העלף אַ מענטש אין אַ צרה,
און גאָט וועלכער זשאַלעוועט אונדז ניט קיין טרערן,
וועט אויך אונדז ניט זשאַלעווען קוואַל־וואַסער קלאָרע,
און וועט אונדז דעם קוואַל פֿון ישועה באַשערן."

נאָר ס'איז אין מיין קעל שוין פֿאַרלאָשן דער פֿייער,
ווי איך וואָלט דערזען, אַז ס'איז בלוט יעדער טראָפּן.
איך שריי: „לאָמיר גיין! יעדע רגע איז טייער.
וואָס שלעפּט איר דעם פּאַק — אַ מצבה צוקאָפּן."
איך שליידער די לאַסט פֿון זיין אַקסל אַרונטער,
און ווי פֿון זיין קאַרק וואָלט אַרונטערגעפֿאַלן
זיין גורל, דער יונג טוט אַ קוק אויף מיר מונטער,
ווי ס'וואָלטן געוואונקען צו אונדז פֿרישע קוואַלן.
און גלייך ווי עס וואָלטן צעבליט זיך צוויי שטאַמען
פֿון בוים וואָס זיין בלעטער־קרוין נעמט שוין פֿאַרוויאַנען,
מיר נעמען אַהינטער די אָרעמס די מאַמען,
ווי לייבלעכע ברידער, און האַסטיק מיר שפּאַנען.

# א דאָרף

בײַ איטלעכן פֿאַרװאַקסענעם און שטילן דאָרף,
דערלאַנגט דער צוג מיט אימפּעט זיך אַ װאָרף
נאָך האַסטיקער, װי ער װאָלט װעלן דורכיאָגן געהיים:
דאָס דערפֿל זאָל די װאָגלער ניט דערמאָנען אָן דער היים.

פֿון דרימל כאַפּט זיך אױף דער ישוב דער באַגרינטער.
צעטומלט הײבט זיך אױף אַ תּמעװאַטע קו.
די הײַזער לױפֿן אָפּ מיט שרעק אַהינטער,
אַרױסגעריסן פֿון דער גליװערדיקער רו.
אַ װאונק טוט אין געאײַל אַ ברונעם,
די פּליטים גיבן דאָרשטיק זיך אַ צי װי לעמער,
זײ װאָלטן איצט געטרונקען פֿון אים
גאַנצע עמער.

אַן אַרבעטער אין פֿעלד בלײַבט שטײן פֿאַרגולמט מיט זײַן רידל.
אַ בײמל טוט אין װינט אַ כליפּע װי די סטרונע פֿון אַ פֿידל.
אַ פֿױערטע קוקט נאָך דער באַן פֿון שװעל,
די פֿױסט אין גאָמבע אײַנגעשפּאַרט, צעקנײטשט פֿון זאָרגן:
ס׳איז איצט נאָך איבער איר דער הימל העל —
װעט זי ניט דאַרפֿן לױפֿן מאָרגן?

פֿון פֿעלד אַ קינד שפּרינגט אָן,
נעמט פֿרײלעך מיטן הענטל פֿאָכן.
אים ענטפֿערט קײנער ניט פֿון עשאַלאָן.
דאָס הענטל שאָקלט זיך װי אײַנגעבראָכן.

און ס׳יאָגט דער צוג מיט שטאָלענעם געװאַי,
װי ער װאָלט אױסדערצײלט די ברײטן
די עלנט פֿון די װאַנדערער װאָס װיגן זיך אַזױ
װי צוגעקאַװעטע אױף קײטן.

# פון דער ווילִיע ביז דער וואָלגע

פון ווילנע אויפן ברעג פון דער ווילִיע ביז סאַראַטאָוו ביי דער וואָלגע,

איך זע דיך, מאַמע, שטיקן זיך אין רויך פון עשאַלאָנען.
בייטאָג גייסטו מיר נאָך פאַרהונגערט און פאַרוואָגלט,
ביינאַכט הער איך ווי מיינע ליפן דיך פון שלאָף דערמאָנען.

די זון זויגט אויס מיין בלוט און פעך ווערט אין מיין קערפּער יעדער טראָפּן.
אויף מיינע ליפן רינט אַראָפּ דער שווייס געזאַלצן.
מיין אָרעם ליגט אַן אָפּגעשטאָרבענער ביי מיין צוקאָפּן,
נאָר אין מיין חלום הער איך דיך ניט אויף צו האַלדזן.

איך ראַטעווע מיין לעבן — ווייטער אַלץ אויף דרום!
אַ זאַלץ־גרוב איז מיין קעל וואָס פייערט אויסגעטריקנט.
אַ קנויל פון פלייש און האָר צונויפגעדרייט אויף דער פּלאַטפאָרעם,
דו זאָלסט מיין עלנט, מאַמע, ניט דערבליקן.

דער ווינט פייפט דורך מיין לייב ווי דורך אַ וואַלד פון ריטער,
און ברעכט די גלידער מיינע ווי פאַרוועלקטע צווייגן.
אין שטורעם אויפן סטעפּ איך הער דיך וויינען ביטער,
נאָר איך פאַרגראָב זיך טיפער אין פאַרקלעמטן שווייגן.

אין רויך פון צוג דערזע איך — דיינע האָר צעפּלאָטערט.
דער עשאַלאָן בלייבט שטיין און פרייכט ווי ס'וואָלט צעמישט די ברייט אים.
צו אַ וואָקזאַלכל פאַלט ער צו פאַרסאָפּעט און פאַרמאַטערט,
מיט דעם געוואַי פון הונגעריקע פּליטים.

די באַן קרעכצט אָפּ און נעמט אין וועג זיך רירן.
די קעלט דרייט איין זיך ווי אַ שרויף אין מיינע קנאָכנס.
איך רייס אַרויס זיך פֿון דער קופּע נע־ונדניקעס וואָס פֿרירן
צונויפֿגעקאָרטשעט, פֿינצטער־שטום, צונויפֿגעבראָכן.

דער טאָג קריכט דורך די וואָלקנס ווי אַ רויטע טשערעפּאַכע,
און די לבנה ווי אַ וואַסער־שפּין אַ גרויסע הענגט אַנטקעגן.
די קאַלטע האָריזאָנטן רינגלען אויף די ווייטקייטן די פּלאַכע,
און דורך די ביינער מיינע זינגט דער אומעטיקער רעגן.

# מדבר

די וואָלקנס בלייבן הינטערשטעליק, מיד פון יאָגן
דורך קאַזאַכסטאַנער וויסטעניש דעם עשאָלאָן.
די דערפֿער לויפֿן אויף צוריק — צום אָנהייב טאָגן.
די נאַכט ליגט אויפֿן וועג. דער צוג אויף איר קריכט אָן.
אין כמאַרעס בלייבט אויף אָפּרו שטיין דער קאַראַוואַן
פֿון שניי־בערג. אין דעם מדבר בלייבט אַליין די באַן.

די רעדער רודערן. איך ריים זיך אויף פֿון דרימל.
עס בלאַנדזשעט אום מיין בליק פֿון פּנים איבער פּנים,
ווי אַן אַרויסגעזיפּטער שטראַל פֿון כמאַרנעם הימל.
די פּליטים וויגן זיך צום טאַקט צום מאָנאָטאָנעם,
ווי ביימער־שאָטנס קרום צעהוידעטע אויף ווענט,
ווי נאַכט־שאָטנס פֿון גאַס־לאָמפּן אויף קאַלטע ברוקן.
אַ מענטש טוט אַ שטרעק אויס אין חלל זיינע הענט,
ווי ער וואָלט מיטאַמאָל דערפֿילט, ער פֿאַלט פֿון שטיגן.
פֿון שרעק כאַפּט ער זיך אויף מיט ברעכעניש אין רוקן,
און אַ פֿאַרגולמטער נעמט ער זיך ווייטער וויגן.

אַ פּנים אָנגעדראָלט אין אויסגעזאָלצטע שווייסן,
ווערט בלאַסער, שלאַבעריק־געליימט און גלאָצט אַן מראה.
זיין קאָפּ הענגט שווער אַראָפּ אין דעם וואַגאָן דעם הייסן,
ווי אַ פֿאַרשמאַכטע בלעטער־קרוין אויף צווייגן דאַרע,
און ווי אין סטעפּ הענגט נידעריק אַראָפּ אַ כמאַרע.
פֿאַרזונקען אין איר טרויער שאָקלט זיך אַ פֿרוי,
אַן אויסגעלאָשענע מיט באַקן אויסגענאָגטע,
און ליפּן מורמלען שוין אַליין דאָס ניט־דערזאָגטע.
אַן חיות, מיט אַ טויטן פֿליגל קלאַפּט אַזוי
אַ לאָדן אַן אַראָפּגעבראָכענער אין ווינט,
אויף חורבה־פֿענצטער, וואו די פּוסטקייט הוערט בלינד.

און צווישן קעפּ פֿאַרבראַכענע, פֿאַרשטאַרטע קני,
איך וויג זיך שטום. פֿאַרביי דעם פֿענצטער טוט אַ פֿלי
מײַן מאַמע. ביי די וועגן אויף אַ מײַלן־שטיין,
געהויקערט גליווערט זי, אין שמאַטעס אַנגעטאָן,
אַ גרויער ווי דער אָסיען־טאָג ביי זײַן פֿאַרגיין.
און ווען עס קלינגט דער צוג פֿאַרביי אַ סימאַפֿאָר,
שפּרינגט אויף מיט אַ געוואַי מײַן האַרץ — און בלײַבט פֿאַרשטאַרט:
זי זיצט אויף דעם וואַקזאַל מיט צעוויקטע האָר.
זי זיצט אויף מײַן פֿאַרגעסענעם געפּעק און וואַרט.

אין ענגשאַפֿט־טומל אויף וואַקזאַלן, ווען וואַגאָנען
צעעפֿענען זיך מיט אַ זשאַווערדיקן גרילץ,
און מחנות שיטן זיך אַרויס פֿון עשאַלאָנען,
פֿאַרוואַלגערט מיט געפּעק ווי וואַסער מיט געהילץ —
ווערט פּלוצלונג צוגעקלעפּט מײַן פּנים צו אַ רוקן,
איך זע צוויי דינע אַקסל פֿון אַ זקנה צוקן.
פֿאַרלויף איך איר דעם וועג. פֿאַריאושט און פֿאַרקלעמט
אַ מאַמע אַ פֿאַרלאָזענע קוקט אָן מיך פֿרעמד.
איך וואָלט געקענט איר זײַן אַ טרייער זון אין וואַנדער,
נאָר מיר צעגייען זיך, ווי הירשן פֿון צוויי שטאַמען,
פֿאַריאָגטע אין אַן אומבאַקאַנטן וואַלד צוזאַמען,
באַשמעקן זיך — און גייען פֿרעמדע זיך פֿונאַנדער.

# זי איז קליין

זי איז קליין, זי איז דאַר,
און גרייכט קוים צו מיין אַקסל,
נאָר זי איז אין איר צער
אַלע איבערגעוואַקסן.

אַ מאַמעלע, טייבעלע גרויע,
מיט אויגן פול שרעק און הכנעה,
אין ווינט און אין פינצטערניש ליג איך,
און דיך ווי אַן עופעלע וויג איך.

אויף מיין האַרץ ליגט איר קאָפּ,
איך וויש אוים אירע טרערן.
און איר האַנט ווישט אַראָפּ
קאַלטן שוויים פון מיין שטערן.

איך הער פון דער וויטן איר קלאָגן:
„מיין זון, דו זאָלסט אַלץ איבערטראָגן.“
איך צייל אויף איר פּנים די קאַרבן:
„זאָלסט, מאַמע, פון בענקשאַפט ניט שטאַרבן.“

# דער חלום פון אַ זקנה

זי וויגט זיך ווי די זשאַווערדיקע פּוסטע וואָג,
געהויקערט אויפן קויש וואו ס'פוילן די קאַרטאָפל.
אין קרעמל בלענדט ווי מעש אַריין אַ קאַלטער טאָג,
און שטייט צוקאָפן איר אַ פרעמדער. עלנט, שפל.
זי זיצט, פאַרלוירן אין דעם פּלאָנטער פון געדאַנקען,
און זעט, האַלב אויף דער וואָך און האַלב אין טרוים אין קראַנקן,
אַ מחנה יונגען. רויטע פּענער. פּאָליציי.
און אויף איר נאַקן אויפגעהויבן שווערדן בלאַנקען.
געטופּ פון פערד. אַ קרעכצן. טוט זי אַ געשריי — — —

דערמאָנט זי זיך, מיט פּענער לויפט ניט מער איר יינגל.
אין קלויז זיצט ער מיט ווייסע בערד אַרומגערינגלט.
די געסלעך לייגן צום בית־מדרש צו אָן אויער,
און האָרכן דעם וויכוח פון די גרויע פּרושים
מיט דעם בן־יחיד פון דער יידענע אין טויער.
און אין מחשבה טוט זי אינעם קאָפּ אַ קוש אים.

פון קלייזל־פענצטער שטראָמט צו איר אין האַרץ זיין ניגון,
ווי ס'פּלייצט אַ פרישער שטראָם אין אויסגעברענטן דנאָ.
זי נעמט זיך ביי די קאָשיקעס נאָך פרימער וויגן,
און זי פאַרריכט איר שייטל וואָס איז אויך שוין גראָ.
באַלד וועט פון קלויז אַראָפּ דער פּרוש ר' ישראל,
דעם יינגל אירן לויבן, און איר עלטער טרייסטן,
אַז אין זיין תורה איז ווי אין נר־תמיד דאָ אייל
צו לויכטן, קיינער זאָל אין הימל איר ניט בייז טאָן.

דערפילט זי זיך צו זינדיק פאַר אַזאַ פאַרלאַנג,
זי זעט, אָנשטאָט דעם גרייז, די גבירטע קומט געלאָפן,
די גבירטע רייסט איר האַרץ אַרויס ווי מיט אַ צוואַנג:
„ס'איז אייער קדיש גאָר געוואָרן אויסגעלאָפן.

ער שרייבט דאָך קענן באַלעבאַטים אויף דער בלאַט.״
זי הייבט די אויגן אויף דערשראָקן און פאַרחידושט,
און כאַפּט זיך אַז זי האָט אַ וויסטן טרוים געהאַט:
איר זון מאַכט פּריוויטיק אויפדערנאַכט ניט מער קיין קידוש,
ווי ער וואָלט אויסגעטאָן די פרומקייט מיט זיין היטל,
און זי וויים אויך ניט צי דעם טאַטנס יאָרצייט היט ער.
די גאַס, וועד ס׳קוקט אויף אים מיט אַפּשיי, ווער — מיט ביטול,
דער פּרוש ר׳ ישראל שווייגט, נאָר קרעכצט אַף ביטער.

אָט גייט דער זון. ער שטעלט זיך ביי איר קרעמל אָפּ,
און זי הייבט אויף זיך ווי פאַרטאָג פון טייך — אַ נעפּל.
טוט איר די וואָג-שאָל ביי דער טיר אַ זעץ אין קאָפּ,
צעשיט איר לעצטע טרייסט זיך, ווי אַ קויש מיט עפּל.

זי רייבט די אויגן אויס. אַרום איז טויב און פוסט.
די שמאָלע קרומע געסלעך קריכן זיך צונויף
פאַרשטאָרבן-שטיינערנע אויף איר פאַרקלעמטער ברוסט,
די קלויז ווי אַ מצבה שטעלט זיך אויך אַרויף.

און זי ווערט קלענער, איינגעהויקערט, איינגעשרומפּן,
גלייך ווי אַן אָפּגעהאַקטער שטאַם וואָס פוילט אין פעלד,
און ס׳ווערט איר פּנים ווי אַ וואַסער-בלום אויף זומפּן
אין שפּעטן אָסיען — דורכגעקנייטשט און דורכגעגעלט.

# הינטער אירע פענצטער

איך זע דורך נאַכט מיין מאַמען אויף איר בעט.
זי פיבערט, אירע אויסגעצערטע ביינער דאַרן.
צום ספרים־שענקל רעדט זי מיט געבעט:
„האָט ער, מיין יינגל, כאָטש דעם קאָפּ וואו אָנצושפּאַרן?"

אַ שווידער האָט פון שלאָף זי אויפגעוועקט,
די שטילקייט פון לבנה־נעכט אין האַלבן חודש.
זי פרעגט ביים ספרים־שאַנק. זי האָט געפרעגט
אויך ביי די פרומע שטערן מוצאי שבת קודש.

נאָר קיינער ענטפערט ניט. די נאַכט איז היים.
זי דרימלט איין — און כאַפּט זיך ווידער אויף פון דרימל
מיט אַ געשריי, באַדעקט מיט קאַלטן שוויים:
„צי לעבט ער נאָך, מיין קדיש? גרויסער גאָט אין הימל!"

מיין גאָט, מיין גאָט, פאַרוואָס באַמערקט זי ניט,
אַז הינטער אירע פענצטער שטייט איר זון פאַרבאָרגן?
„אַ נאַכט־טייוואָלים — שאַטנס, ווערגט זי ניט,
און זאָגט איר, אַז איך לעב און וואַרט אויף דעם פרימאָרגן.
לאָזט, שאָטנס, מיך אַריינגיין אויסגלייכן איר קישן,
נאָך גרינט איר בליק ווי שטערן אויפן שניי,
איך וועל דעם שוויים פון פנים איר אָרונטערווישן,
מיט קושן אויסזויגן דעם שרעק־געשריי,
וואָס כאָרכלט איינגעוואָרגן אין איר האַלדז,
אַן עלנטע איז זי, פון אַלעמען פאַרלאָזן,

די טרערן רינען איר אין מויל ווי זאַלץ,
זי גראַבט אין קישן זיך ווי אין בית-עולם-גראָז.
לאָזט, שאַטנס, מיך אַריבערגיין איר שוועל,
זי קען אַליין די קראַנקע גלידער ניט אַ דריי טאָן" — — —

מיין שטים ווערט אָפּגעריסן אין מיין קעל,
ווי ס'רייסט זיך אָפּ אַ ברונעם-עמער פון די קייטן.
דער ווייטאָג שליידערט פון דער היים מיך אָפּ,
איך כאַפּ זיך אויף פון חלום צווישן מחנות פּליטים.
איין אויגנבליק נאָך לויכט איר גרויער קאָפּ —
איר גרויער קאָפּ אין שויב — ביז פינצטערניש פאַרוויט אים.

# אויפן בית־עולם

פארשליידערט אין דעם אנדער עק פון וועלט,
מיך רייסן אויף פון שלאף באגינען — גוואלדן.
איך זע מיין מאמען בלאנדזשען אויפן פעלד
צום קבר וואו מיין טאטע ליגט באהאלטן.

ס׳דערוועגט זיך קוים די ארעמע צו טרעטן
פארביי די דענקמעלער, מיט כּתב באגילדט,
און קברים מיט באזילבערטע שטאכעטן.
אין טוך די דארע אקסל איינגעהילט,
זי שלייכט זיך צווישן קאלטע מירמל־זיילן,
און קוקט ווי פון א כּישוף א פארפירטע.
א פרעמדקייט גלאצט אויף איר, זי נעמט זיך איילן,
ווי פון א קאלטן פירהויז פון א גבירטע.

עס ווערט איר היימישער, עס ווערט איר ווארעם,
ווען זי דערגרייכט די „שטיבלעך" פון גאונים.
און „אוהל" קוקט אויף איר מיט גרויס דערבארעם,
זי פאלט צום טאָוול צו, פארטרויט איר צער אים,
און לייגט צו נאך א שטיין ווי נאך א קרוין אים.

זי וואקלט ווייטער, און מיט יעדן שפאן
וואס נענטער צו דער נים־געצאלטער קרקע,
וואו ס׳ליגן אירע קינדער און איר מאן,
דערפילט זי זי ווי א יולדת קראמפן שטארקע.

אריבער איז זי שוין די הייך פון בארג,
די רייכע מתים־שטאט אין שטיין געטורעמט.
איצט קריכן אין דער נידער קאפ אויף קארק
מצבות אומגעוואלגערטע און קברים,
צעלייגטע שפּל ווי ביים לעבן, ארעם,
און הארכן ווי עס ווילדעוועט דער שטורעם.

די קליידער אירע פלאַטערן, ווי ראָבן
באַפאַלן וואָלטן זי מיט אַ געקראַקע.
ביז זי דערטאַפּט אַ שטיין, האַלב־איינגעגראָבן,
דער רעגן האָט זיין שריפט אַרומגעשאָבן,
ער טאַרטשעט ווי אַ טויטער שאַרבן נאַקעט.
און פרירט ווי ער אין זיך וואָלט איינגעפראָרן
דער מאַמעס טרערן נאָך פון פאַראַיאָרן.

זי גראָבט אין פייכטן בערגל זיך אַריין,
די וואָלקנס לאָזן זיך אויף איר אַראָפּ,
זיי וויקלען זי אין וואָל מיט ליבשאַפט איין,
און באַרעמהאַרציק גלעטן זיי איר קאָפּ.

עס דריבלט זיך איר לעבן אין איר מוח,
גלייך ווי אַ כמאַרע וואָלט זיך אויסגעדריבלט:
דער טאָג פון זייער חתונה איז גרוי אויך,
דער נפטר זאָל ניט האָבן קיין פאַראיבל.
גענומען האָט ער זי פון אַ געוועלבל,
אין קלייט האָט זי געווינטערט און געזומערט.
געטאַנצט האָט זי ניט קיינמאָל ווי אַ קעלבל,
אויך מיידלווייז געווען איז פוסט אַרום איר.

אַ חופה האָט געשטעלט מיט איר אַן אַלמן,
פאַרשעמט האָט זי אויף אים אַרויפגעקוקט,
ווי ער וואָלט זי געבראַכט פון דעם בית־עלמין.
זי האָט זיך נאָנט צום שראַנק ניט צוגערוקט,
וואו ס׳זיינען נאָך געהאנגען יענערס קליידער.
נאָר ווען איר מאַן דער שטרענגער האָט געלערנט
מיט די תלמידים אַרום טיש אין חדר,
געשיינט האָט איר דער „אלף־בית” ווי שטערן.

אין נאָענטן וואַלד צערוישן זיך די ביימער,
מיין מאַמעס פנים איז פון טרערן פייכט.

דער ווינט קלאַפּט ווי אַ וועכטער אַ געהיימער,
דאָס בערגל אָטעמט ווי עס וואָלט געפּרייכט
דער מת. איר צער רינט אוים אין גרוב ווי בליי,
און זים איז איר און ווארעם איז איר טרער איצט:
זי האָט צו אים געבוירן קינדער דריי,
און נאָכגעגאַנגען אים מיט דרך־ארץ.

נאָר ס'האָט דאָס גליק פון אים זיך אָפּגעקערט,
אַ קראַנקייט האָט אין אים זיך איינגעזשאַווערט,
זי האָט ניט מער ביים חדר־טיש געהערט
ווי קינדער זיינען הויך די סדרה מעביר.
ער האָט געשוויגן פינצטער און געהוסט,
און בלויז זיין באָרד געוואָרן איז אַלץ העלער,
זיין הוסט געשטאָכן האָט איר דאַרע ברוסט —
אַראָפּ איז זי פון גאָרן אין אַ קעלער.

אַ שטיבל אָן אַ פענצטער האָט מען זיי
פאַרדונגען, אַז איר מאַן זאָל זיין אַ וועכטער.
די שווערע מידע פים ווי קלעצער צוויי
געשלעפּט פון טיפן שניי האָט אין די נעכט ער.
האָט זי זיך מיט אַ שטריק ארומגעשטייפט,
אַרוים דעם מאַן פאַרבייטן אויף דער וואַרטע.
ער איז געלעגן אויף אַ ברעט אַ האַרטער
פאַרכמאַרעט, און די לונגען אויסגעפּייפט.
נאָר פאַרן טויט האָט ער געטאָן אַ זאָג:
„זאָלסט מאָרגן — פרייטיק מיך צו קבורה ברענגען,
זאָלסט רו האָבן דעם שבתדיקן טאָג."
און ער האָט אָפּגעקערט זיין בליק דעם שטערנגן.

דער ווינט צעוואָיעט זיך. און ווייט אַרום,
אַריבער אַלע קברים ביז צום וואַלד,
הילכט אָפּ מיט אַ געיאָמער און געברום
מיין מאַמעס אויפגעריסענער געוואַלד:

„וואו ליגסטו דאָ, מיין עופעלע, מיין קינד?
האָסט אויסגעברענט אין קעלער דעם פֿאַרמאַכטן,
ווען איך בין אומגעלאָפֿן, ווײי און ווינד,
פֿאַרדינען פֿאַר דיין טאַטן דעם פֿאַרשמאַכטן.
אויך דו, מיין מיידעלע, מיט שוואַרצע לאָקן,
בת־מלכּה אין אַ קעלער אויפֿגעצויגן,
דיין שיינקייט האָט מיין אָרעמקייט דערשראָקן,
אַ שוואַלב איז אין מיין שטוב אַריינגעפֿלויגן.
אַן אויסגעגאַנגענע ביי מיר אין שוים,
האָסטו ניט צוגעמאַכט די אויגן דיינע.
געוואָלט האָסטו, עס זאָל אין אונדזער הויז
אויך נאָך דיין טויט — דיין חן און כּישוף שיינען.״

זי הייבט זיך אויף מיט שטעכיק־שטאַרע קני,
און נעמט זיך איבער דער מצבֿה וויגן,
אַ זינדיקע פֿאַרלאָזענע איז זי,
פֿאַרגייט זי מיט אַ זאָגעוודיקן ניגון:
„פֿאַר דיינע טעכטערלעך וואָס זיינען טויט,
זאָלסטו, מיין מאַן, אויף מיר די שולד ניט לייגן.
זיי מוחל אויב איך האָב דיך אין מיין נויט
פֿאַרזען. און זיי אויף מיין בן־יחיד מגין.
אָן אים בין איך אַן אָפּגעמעקטער טאָוול,
אָן אים בין איך אַן אויסגעהוילטער שאַרבן.
מיין וואָך איז פּוסט, מיין שבת איז פֿאַראָבלט,
באַשירעם אים, כ׳זאָל זען אים פֿאַר מיין שטאַרבן.״

באַרואיקט דרייט זי אין איר טוך זיך איין,
זי וואַקלט זיך פֿאַרביי די פֿאַרקאַן־ברעטער.
פֿון אירע אויגן פֿאַלט אויף מיר אַ שיין,
באַשטראַלט מיך — ווייט פֿינף טויזנט קילאָמעטער.
איר פֿיין וויגט אויס פֿון מיר צוריק אַ קינד,
איר ניגון קלינגט מיר נאָך אין ווייטן וואָגל.
די טרערן אירע ברענען אויפֿן ווינט,
און טרינקען אָן מיך ווי אַ וואַסער־לאָגל.

# איר לעצטער יום־כּיפּור

יום־כּיפּור געווען איז פֿאַר איר אַ גאַנץ יאָר,
און דאָס איז געווען דער יום־כּיפּור־טאָג סאַמע.
יום־כּיפּור געווען איז איר איינציקע וואָר —
יום־כּיפּור אַוועק איז צום אומקום מײַן מאַמע.

זי איז אויפגעשטאַנען ווי שטענדיק פֿאַרפֿרי,
נאָר עמעצער האָט אירע פֿוסטריט פֿאַרפּלאָנטערט.
אַ טרייסל געטאָן האָבן זיך אירע קני,
באַשיימפּערלעך הערט זי, עס האָט זי דערמאָנט ווער.

זי קוקט דורכן פֿענצטער אַרויס אין באַגין,
דערמאָנט ניט איר מאַן אינעם הימל איר נאָמען?
און בעט פֿאַר איר רחמים אין גרויסן גזר־דין,
און בעט פֿאַר איר זון ביי דעם גאָט פֿון אַברהמען?

עס לעבט איר בן־יחיד! קיין ספק וועט זי
אין אייבערשטנס גנאָד ניט דערלאָזן. יום־כּיפּור
איז היינט. און זי דריקט די געבראָכענע קני.
אַ זאַלציקער שניי שוימט אַרויס אויף דער ליפּ איר.

ער לעבט! און זי וויים, ס'איז זיין לעבן אַ נס,
און זי וועט באַלד אויסקויפֿן דאַרפֿן דעם וואונדער.
ווייל וואָס איז זי דען? אַ צעבראָכן געפֿעס.
און וואָלט זי אַפֿילו געהאַט לעבנס הונדערט,

זי וואָלט אָפּגעגעבן. זי הערט, עס איז פֿול
דער הויף שוין מיט דייטשן. געשרייען צערייסן
דעם הימל. נאָר זי זיצט נאָך אַלץ אויף איר שטול,
דעם מחזור פֿאַרוויקלט אין טיכל אין ווייסן.

די הענט אָפּגעשטאָרבן אין שויס. אַך, ווי לאַנג
זיי האָבן געדינט איר. איצט שטומען זיי מידע.
און ס'טוט אויף די מאָגערע פֿינגער איר באַנג —
זיי ליגן ווי זיי וואָלטן אָפּגעזאָגט ווידוי.

# כל־נדרי

טאַדזשיקיסטאַנער שטיין־געוועלב, פּאַמירער בערג,
אויך היינט פֿאַרגליט איר רואיק נאָכן אַלטן שטייגער.
איר ווייסט ניט, אַז מיין האַרץ צעפּלאַצט ווי אַ געווערק —
ווי אַ צעבראָכענער געווערק פֿון שקיעה־זייגער.

כ׳האָב אָפּגעשטעלט זיך ווי אַ ווייזער אין מיין גאַנג.
איצט לויף איך אַרום זיך אַליין און ווילד איך היפּער.
טאַדזשיקיסטאַנער בערג־געוועלב אין זון־פֿאַרגאַנג,
אויף אייערע פֿאַרשנייטע הייכן ליגט יום־כּיפּור,

ווי דער יום־כּיפּור איז געלעגן אויסגעשפּרייט
אין אונדזער קוזניע־שטיבל אויפֿן וואַרשטאַט־קאַסטן.
מיין מאַמע אויפֿן באַרג־שפּיץ שטייט... מיין טאַטע שטייט,
דעם טלית־זאַק אין אָרעם, נאָכן זיך פֿאַרפֿאַסטן.

פֿאַרמשפּטע! זיי ווינטשן זיך ניט קיין גוט־יאָר.
מיין טאַטע איז אַ פֿעלדז, אַ כמאַריקער, מאַסיווער.
אַ באַרג־קוואַל איז זיין באָרד, אַ וואָלקן זיינע האָר.
און זיינע אָרעמס — אויסגעהאַמערטער פֿאַרגליווער.

די רויטע קוזניע אין די בערג האָט אויסגעפּלאַקערט,
די באַרג־שפּיצן די זילבערנע ווי לייכטער ברענען.
מיין טאַטנס שטיינעריקער פּנים איז צעאַקערט,
און אויך מיין מאַמען קען איך ניט אַצינד דערקענען.

די אויגן אירע, טרער־פֿאַרגלאָזטע, פֿינקלען גרויזאַם.
ווי קופּער גלאַנצן קעגן איר מיין טאַטנס וויעס.
צוויי פֿייער־טורעמס אויף אַ נאַכטיקן געברויז־ים.
אין אָקעאַן פֿון אייז — פֿאַרפֿראָרענע צוויי שקיעות.

אַוועקגעגאַנגען זיינען אַלע צו כּל־נדרי,
און זיי נאָך שטייען. נאַכט נעמט זיי אַריבערפֿלייצן.
אַ וואָלקן — אַ פֿירקעפּיקע, אַ שוואַרצע הידרע,
פֿאַרקלאַמערט זיי אין נעגלדיקע האַקנקרייצן.

# דער מאַמעס צוואה

דיין לעבן, דיין טויט, דיינע פרומע געבאָטן
האָב איך אויסגעוויינט אין מיין איטלעכער שורה.
אַז דו זאָלסט ניט אומוואָגלען שטום ווי אַ שאָטן,
האָב איך דיך אין לידער געבראַכט צו דער קבורה.

# איר געשטאַלט

ס׳דערווייטערט זיך, מאַמע, פון מיר דיין געשטאַלט,
און ווערט ווי פאַרטאָג די לבנה אַליץ בלאַסער.
נאָך בלאַנדזשעט דיין טרער אינעם נעפּל און שטראַלט,
און שטאַרבט אין מיין בליק ווי דער טאָג־שיין אין וואַסער.
ביז ווייטאָג איך שטרענג מיין געדעכעניש אָן,
אַרויסרופן וויל איך דאָס ליכט פון דיין פּנים,
מיין אייגענעם קערפּער וואָלט איך אויסגעטאָן,
און דיך צו באַלעבן מיט לייב אָנגעטאָן אים!
נאָר ווער קען פאַרפרעסן אין דלאָניע דעם טוי?
דיין אָנבליק רינט אויס פון מיין מוח דעם מידן.
דו זעגלסט אַוועק ווי אַ שיף ווייט אין בלוי,
און הויך ביז מיין האַרצן די אָפּגרונטן זידן.

נאָר ס׳מרעפט אַז איך ליג מיט אַ נאַכטיק געזיכט,
פאַרשטאַרט ווי אַ קבר־שטיין, שטום און אַ בלייכער,
טאַפּט אָן מיך אין טונקל אַ שטראַל אומגעריכט,
מיין שטייניק געזיכט הייבט אָן צוקן, ווערט ווייכער.
פּאַמעלעך מיין קאָפּ צו דער טיר דריי איך אויס,
ווי ס׳דרייט אויס אַ קראַנקער דעם קאָפּ צו זיין רעטער:
דו שטייסט אויפגעשיינט אויפן שוועל פון מיין הויז,
און לויכטסט אין דער נאַכט ווי אַ לאָמפּ צווישן בלעטער.
און פריש איז דיין גוף ווי געטובלט זיך ריין
וואָלטסטו זיך ביי שרהן אין שוים אין גן־עדן,
וואו דו ביסט אַ קינד שוין געוואָרן אַליין.
און שטיל און מיט ליבשאַפט דו נעמסט צו מיר ריידן:

„ניט קלאָמער, מיין קינד, אין מיין שאָטן זיך מער,
פאַרגעס וויפל איך האָב געליטן ביים שטאַרבן,
און אויב מיט מיין אָנדענק איז לעבן דיר שווער —
פאַרגעס אויך מיין פּנים, די אויגן, די קאַרבן.
נאָר וויינען וועל איך אין מיין קבר פאַרשעמט,
אין שטויב מיין געביין וועט קיין רו ניט געפינען,
אויב אויך אין דיין האַרץ וועל איך ווערן דיר פרעמד,
און ס'וועט מיין צוואה אַרויס פון דיין זינען.
ווען באַרוועס געשטאַנען בין איך ביי דעם ראַנד,
געזען האָב איך דיך און דורך טרערן געשמייכלט,
ווי איינער וואָס קומט אָן אין הייליקן לאַנד,
און לאָזט זיינע שיך ביים אַריינגאַנג אין היכל.

# דעם טאַטנס פּנים

אויב דו ווילסט, מיין זון, ניט פאַרשטערן מיין שלאָף,
און שטראָמען דיין לעבן זאָל ברייט און געלייטערט,
ניט אומוואַרפן זאָל מיך דער שוואַרצער אין־סוף,
אַזוי ווי דער טייך אַ דערטרונקענעם שליידערט —
הער אויס מיינע רייד און פאַרנעם מיין געבאָט:
עס זיינען אין יאוש דיך פּחדים באַפאַלן,
און ס׳מאַטערט דיך ווי אַ פאַרבאָרגענער סוד
דאָס אַלץ וואָס פלעגט אָפן אין פּנים מיר שטראַלן.

מיין האַרץ ניט געוואוסט האָט פון מורא פאַר טויט.
געזען האָב איך אויך אין די קנייטשן פון נפטר
אַ ליכטיקייט ציטערן אונטער זיין הויט,
ווי ער וואָלט געשמייכלט אין זיך אַ פאַרטיפטער.
געוואוסט האָב איך: גאָט זעט מיין מאַטערניש צו.
די פייניקונג האָט נאָך פאַרשטאַרקט מיין פאַרטרויען.
און דו האָסט אַליין זיך באַרויבט פון דיין רו,
אַ שטרויכלונג איז דיר, וואָס פאַר מיר — אַ נסיון.

זאָל אויפשטראַלן פון דיין פאַרלאָרנקייט — מוט,
אַזוי ווי נאָך פינצטערניש קומט דער באַגינען.
געבויגן צום אייגענעם שפּור פון דיין בלוט,
זאָלסטו אין דיין גלויבן נחמה געפינען.
ווי איך נאָך דער וואָך האָב געפונען אַ טרייסט
אין שבת, אין בענטשן, אין דיינע ניגונים.
און יעקב אבינו, אַזוי ווי דו ווייסט,
געפונען האָט רחלען נאָך וואָגלען ביים ברונעם.

איך ווייש אָפּ ווי שווייס פון דיין שטערן — די שרעק.
ווי זון־ליכט אין טייך, זאָל זיין קיל דיין שוואַרצאַפּל.
און אויב דו גייסט ווייטער ווי איך בין אַוועק,
איז גיי! און זאָל זיין יעדער שוועל דיר אַ שטאַפּל.
און קומסטו אין גילדענע טירן אַריין,
וועט פּאָרכטיק דיין מאַמע צום שוועל זיך געזעגענען.
דיין פּנים זאָל אָבער דער זעלביקער זיין,
איך זאָל אין דיין פּנים דיין טאַטן דערקענען.

# זינדיק בלוט

איך וואָלט אין דער פּינצטער שוין רואיק געלעגן,
דיין קרעכץ אָבער רייסט מיך פון גליווער אַרויס.
ווען איך וואָלט געהערט דיין געוויין ווי דעם רעגן,
וואָלט איך כאָטש געוואוסט אַז דו לייטערסט זיך אויס.
עס האָבן די טרערן אין דיר אויסגעטריקנט,
אַ קללה דיין האַרץ האָט פאַרשפאַרט ווי אַ שטיין,
און אין דיינע וויטאָגן מוזסטו זיך שטיקן,
און איך בלויז, דיין מאַמע, דערהער דיין געוויין.
ביים בראָך פון דיין פאָלק, ביי דעם גזר אויף דיין מאַמען,
האָסטו נאָך אַ ווינקל פאַר אַנדערע פּיין,
איז שעמען זיך קומען די טרערן מסתמא
צו דיר און זיי זינקען אין אָפּגרונט אַריין.

נאָר וואָס עס טוט גאָט ניט אָפילו פאַרגעבן,
איז מוחל אַ מאַמע. און אַלץ זע איך צו.
וואָס ס'האָט ניט באַנומען מיין שכל ביים לעבן,
באַנעם איך אַצינד: ניט באַשיידן ביסטו.
פאַרשקלאַפט האָט דיין יוגנט דער גייסט דער ניט-גוטער,
דאָס לייב פון דער פרוי האָט צו זיך דיך פאַרפעכט.
פאַרבאָרגן דיין וויטאָג פלעגסטו פאַר דיין מוטער,
געשטאַנען בין איך פאַר דיין בעט אין די נעכט,
אַ לעמפּל אין האַנט, און געכליפּעט פאַרשולדיקט:
צי שרייט עס דורך דיר ניט מיין בלוט און מיין זינד?
אַ לעבן האָב איך אָפּגעליטן געדולדיק,
און ניט אויסגעלייזט האָט פון זינד מיך מיין קינד.

און איצט ווען דער טויט־שניט מיין קאָפּ איז אַריבער,
און דו ביסט געבליבן איין צווייג אויף מיין שטאַם,
רופט אָפּ אין דיין גוף זיך דער זומפּיקער פיבער,
רופט אָפּ זיך אין דיר דער אַמאָליקער סם.
און דו ביסט פאַרבלענדט און פאַרסמט פון דער תאווה
צום רייץ וואָס עס האָט אין דיין לעבן געפעלט,
כאָטש ניט צו דערגרייכן פאַר דיר איז עס סיי ווי,
כאָטש פאַלש איז איר כּישוף און אָטעמט מיט קעלט.
און ס'זיינען די נעכט דיינע שווייסיקע העמדער,
דו שלעפּסט זיי אַראָפּ מיט דיין הויט נאָכן שלאָף,
און דו קוקסט אויף מיר אַ פאַרווירטער, אַ פרעמדער —
דיין בליק שטויסט צוריק מיך אין שוואַרצן אין־סוף.

# ליבשאפט

איך האָב אין דיין אָנבליק, מיין זון, זיך באַהאַלטן,
ווי הינטער אַ כמאַרע באַהאַלטן זיך שטערן,
נאָר דו האָסט ניט טריי מיין צוואה געהאַלטן,
קען איך אין דיין שטים מער מיין קול ניט דערהערן.
ווי עשו דאָס האָריקע מויל האָט צעעפנט
ווען ס'האָט די רציחה פון אים נאָך געטראָפנט,
האָסטו דיין פאַרלוירענע ווייב געוואָלט טרעפן
אויף גיך אין אַ צווייטער, דיין וואונד צו פאַרשטאָפן.

ביסטו צוגעפאַלן צו וועלפישע שפּראָצן,
ביסטו דורכגעפאַלן אין קלענסטן נסיון,
צוליב ניט געזעטיקטן טריפענעם רצון
איז הונגעריק-וועלפיש געוואָרן דיין וואָיען.
איך וויים: אויך די עלנט גענערט האָט דיין טירוף.
ניטאָ מער די עדה וואָס האָט דיך געהאַלטן.
און רייסטו אין פינצטערן דרויסן דיין טיר אויף,
קענסטו אין דעם אָפּגרונט פון יאוש אַ פאַל טאָן.

דעריבער באַווויין איך אַזוי דיין ירידה:
זי איז פון אַרומיקן חורבן אַ צייכן.
און בלויז מיינע אָרעמס די אָפּגעשוואַכט-מידע,
זיי האַלטן דיך אונטער אַ ברעג צו דערגרייכן.
אויב דיר פעלט אוים כוח דיין מאַמען צו טרייסטן,
מוז איך האָבן קראַפט דיך צו מונטערן, וועקן.
און וויפל, מיין זון, זאָלסט אַליין זיך ניט בייז טאָן,
וועט אַלץ מיין צעלעכערטער גוף דיך פאַרדעקן.

אַ לעבן-לאַנג האָב איך די טרערן געשלונגען,
און שטענדיק געבעטן ביי גאָט אין די תּפילות:
מיין זון זאָל אַפילו דורך פּיין זיין געצוואונגען
צום אויסוואַקסן גרעסער — ווי ער אַליין וויל עס.
און פון דיינע ליידן מוז איך לאַכן ביטער:
אין טויט-שלאַכט ביסטו ניט געוואָרן געשטרויכלט,
נאָר איצט האָט אויף טויט דיך פאַרוואונדעט אַ שפּליטער,
און שרייסט ווי פון היץ: ווער עס ליבט איז ניט מוחל.

נאָר איך זאָג דיר, זון מיינער: דו זאָלסט פאַרגעבן,
וועסטו זיך פון אומריינער ליבשאַפט באַפרייען.
ווי לאַנג נאָך דו האָסט וועט דיר שווער זיין צו לעבן,
פאַרכּישופט פון שלאַנג און איר גיפטיקן שפּייען.
איז זאָג פון נקמה זיך אָפּ — אין מיין נאָמען,
רייס אויס פון דיין האַרצן דעם דאָרן, ניט צאַפּל.
ס'איז שנאה אַ זאַמד-ווינט וואָס ברענגט ניט קיין זאָמען,
דער האַס איז אַ שטויב וואָס פאַרקריכט אין שוואַרצאַפּל.

און זיין וועלן דיר די יסורים אַ לערע,
אַז דו האָסט אומזיסט מיט דיין מזל געשטריטן,
דערזען וועסטו ערשט נאָך די שטרייטן די שווערע
דיין גליק גראָד אין דעם וואָס דו האָסט בלינד געמיטן.
אַנטלאָפן ביסטו פון דיין מזל דעם גוטן,
וואָס האָט דיר געגעבן פאַרבאָרגענע צייכנס.
געמיינט האָט דיין יוגנט: פאַר גליק דאַרף מען בלוטן,
און דאָס ניט-דערגרייכטע — מיט גוואַלד קען מען גרייכן.

נאָר וויפל אַ מענטש זאָל ניט פּרואוון אַנטרינען
פון נס וואָס עס איז אים באַשערט, וועט ניט מיידן
דער נס אים. זיין מזל וועט אים שוין געפינען,
אַזוי ווי ס'געפינט אים דער גורל אויף ליידן.
נאָר דער וואָס האָט פיל אין זיין לעבן געליטן
פאַרשטייט אַז דער מזל איז ניט אויף אַ שטערן,

און ווערט אַזוי לאַנג פֿון דיין וועלט ניט פֿאַרשניטן,
ווי לאַנג נאָך דו האָפֿסט און דיין אויג קען נאָך טרערן.

און האָב ניט, מיין זון, אַזאַ ביטערע טענה
צו יענע וואָס האָבן דיין ליבשאַפֿט פֿאַרשטויסן,
אויך דו ביסט אַמאָל, אין די הפקר־טעג דיינע,
געווען טויב און בלינד צו מיין עלנט דעם גרויסן.
און איך האָב אַליין אַלע לאַסטן געטראָגן,
איין גאָט ווייס ווי איך האָב אין טרייסט זיך גענייטיקט.
דערפֿאַר הערט ניט אויף איצט דיין האַרץ דיך צו פּלאָגן,
דיין ליבשאַפֿט צו מיר איז — חרטה און ווייטיק.

## די אוועקגעגאנגענע

איך שטאַרק זיך, מיין זון, אויפֿן טויט און מיט כּוח
איך גראָב זיך אַרויס — דיר צו ווייזן דעם וועג.
די תּמימות וואָס לעבט אין דיין האַרצן געטרוי איך,
אַז דו וועסט נאָך אויסשטראַלן ליכטיקע טעג.
געפֿין אין דער חורבה אַ שטיין פֿאַר אַ ווינקל,
און זיין אַ מצבה נאָך מיר וועט דיין הויז.
ווי טרערן אין בלינדע שוואַרצאַפּל, נאָך פֿינקלט
אַ פֿלאַנץ אין דעם שטויב און לאָזט בלעטער אַרויס.

איך ברענג דיר אַ גרוס פֿון דעם גוף דעם צעשטראַלטן —
פֿון יענער וואָס איז שוין פֿון דיר אָפּגעשיידט.
עס ווייס נאָר איין גאָט וואו איר שטויב ליגט באַהאַלטן,
איר שיין אָבער ברענג איך צו דיר ווי איר קלייד.
אַלץ טיפֿער פֿאַרזינקט זי אין שווייגן, אַלץ טיפֿער,
וואָס מער איר געשטאַלט פֿון דיין האַרצן רינט אויס.
און ווי עס דערווייטערט פֿון ברעג זיך אַ שיפֿער,
ביסטו איצט אַליין אויף די כוואַליעס אַרויס.

און נעם זיך אַ ווייב וואָס זי זאָל ניט פֿאַרשעמען
דעם כּבֿוד פֿון יענער וואָס האָט דיך פֿאַרלאָזט.
ווי פֿאָרהאַנגען האָבן פֿאַרשטעלט אירע ברעמען
איר טריישאַפֿט וואָס האָט איר דאָס לעבן געקאָסט.
זי האָט אָפּגעקערט זיך, זאָלסט קענען פֿאַרבייגיין — — —
עס טריפֿט מיין זכּרון אַזוי ווי אַ וואונד,
איך זע ווי דו ציטערסט, מיין קינד — וועל איך שווייגן,
ניט אויפֿרייסן וועל איך דיין האַרץ ביזן גרונט.

אויב ס'וואָלט די חרטה דיין האַרץ ניט צעריסן,
פאַרגראָבן אין אָפּגרונט וואָלט איך זיך פאַר שאַנד,
דיין צער אָבער לאָזט ניט מיין גרוב זיך פאַרשליסן,
און איך שטרעק דיר אויס ווי אַ בלינדן מיין האַנט.
וואָלט דיר נאָר געטראָפן דער גזר — דיר אַליין נאָר,
וואָלטסטו ניט אַריבערגעטראָגן דעם בראָך.
נאָר דער וואָס דאַרף טרייסטן אַזויפיל באַוויינער,
אויך דיר גיט אַ טרייסט און אַ האָפענונג נאָך.

# אַ בריק פון צוויי וועלטן

ווען גאָט וואָלט אונדז כאַטש אַ בית־עולם פאַרגונען,
מיר וואָלטן אַרונטערגעוווישט פון די צווייגן,
און דו וואָלטסט, מיין זון, דיין אבלות פאַרשפונען,
אין אונדזער פאַרסודעט און טרויעריק שווייגן.
נאָר אַש בין איך, קינד מיינס, אויף פעלדער, אויף ברעגעס,
און רופסטו מיך, ווירבלט מיין שטויב זיך צוזאַמען,
פון אַלע פיר זייטן איך קום אין איין רגע,
אַז פאַלן זאָלסטו אויף די הענט פון דיין מאַמען.
און גרייט בין איך אָפּטמאָל דיין שוואַכקייט צו שעלטן,
ווייל איך מוז דיך זוכן אין נאַכט און געוויטער.
און אַלע פאַרבאָרגענע חרובע וועלטן
אין מיינע צעשויבערטע האָר שרייען ביטער.

איך זע, ס׳איז פאַרבלוטיקט דיין האַרץ ווי די קליידער
וואָס הענגען אויף מיר. און אַ בריק אַ געבויטע
אַריבער צוויי וועלטן איז איצטער דיין חדר,
און איבערן בריק גייען מחנות פון טויטע.
און דו מוזסט אַריינקוקן אין די געזיכטער,
און שרייען ווילסטו, נאָר דיין שטים איז געקוילעט.
און ס׳ווערט אַרום דיר דער געדראַנג אַלץ געדיכטער,
און חודש נאָך חודש באַנייט זיך דער מולד,
און ס׳איז נאָך דער טויטן־גאַנג אַלץ ניט פאַרענדיקט.
מיט אָפענע אויגן זיי ציען אין שווייגן —
און זעען דיך ניט. נאָר זיי וואַנדערן שטענדיק,
אַזוי ווי פאַרמשפּטע דיך צו פאַרבייגיין.

דו ליגסט אַ געליימטער מיט הענט אויסגעשפּרייטע,
דער פּיין האָט דיך אויף דיין געלעגער פאַרגליווערט.
געאײַלט האָב איך זיך אין דער נאַכט אַ פּאַרווייטע,
און זע, ס'איז מיין זון שוין אַ זקן אַ סיווער.
איך שפּרייט אוים אויף דיר מיינע וואונדיקע גלידער,
און אויגן צו אויגן און שטערן צו שטערן,
וועל איך מיט מיין אָטעם דערפרישן דיך ווידער,
איך זויג אויס דיין פיבער און גרינג וועט דיר ווערן.
זיי גלייביק, מיין זון, נעם צונויף דיינע קרעפטן,
איך האָב מיט מיין מילך דיך אויפסניי אָנגעטרונקען.
אַז קענען זאָלסטו מיט דיין פאָלק זיך באַהעפטן,
איך ווער אין דיין גוף אים צו שטאַרקן — פאַרזונקען.

# דער שליאַך

מיין זון, לאָז זיך פירן פון מיר אויף דעם שליאַך,
וואו מיר די פאַרמשפטע זיינען געגאַנגען,
און מיר וועלן גיין אַרום דיר ווי אַ וואַך,
אַז דיר זאָל דער גורל דער זעלבער ניט פאַנגען.
פאַרמיש זיך מיט אונדז, מען זאָל דיך ניט דערקענען,
וועט דאַן אונדזער ליכט אויך אויף ד י י ן פּנים ברענען.

אַליין האָבן מיר זיך געהייליקט ווי כּרובים.
מיר טראָגן, אַזוי ווי דעם כּסא הכּבוד,
אַ זקן — מיר טראָגן מיט זיך צו דער גרוב אים,
און שלעפּן די פיס ווי אין קייטן געקאָוועט.
מיין גוף איז שווין מיד, וויל מיט טויט זיך באַהעפטן,
נאָר לאַנג ציען אוים זיך די שפּאַנען ווי מיילן.
דערבאַרעם זיך, פאָטער אין הימל, גיב קרעפטן,
מיר זאָלן אַליין צו דעם טויט זיך ניט איילן.

געזאָגט האָט דער תּליון: „ווער ס'האָט אייך ביים לעבן
געפירט, זאָל אייך איצטער צום קבר דערפירן."
מיט אונדזערע לייבער מיר שיצן דעם רבין,
זיין הוילער געפּייניקטער גוף זאָל ניט פרירן.
מיר ווילן אים וואַרעמען מיט אונדזער אָטעם,
ביז מיר וועלן ברענגען צום טראָנשטול פון גאָט אים.

דער רבי זאָגט: „הנני מוכן ומזומן!
מיר האָבן קבלה פון אונדזערע זיידעס,
אַז ווער ס'איז אויף קידוש השם אומגעקומען,
דער פילט ניט אַפילו אין פלאַם קיין יסורים."
וואָס ווילסטו אַנטלויפן, מיין זון, פון דער עדה?
גיי נאָך דעם געפּייניקטן, גיי נאָך אין שפּור אים.
מיר רופן דעם טויט ניט אויף איין רגע פריער.
דעם זקן דערלאַנגען מיר וואַסער, ווי זינגער
וואָס גיבן די כּוהנים וואַסער פון כּיור,
און וואַשן מיט ליבשאַפט דעם רבין די פינגער.

וואָס רייסטו דיין פּנים, מיין זון, מיט די נעגל?
פאַרשוועך ניט דעם שליאַך וואו מיר זיינען געגאַנגען.
הלוואַי זיי, אין לעבן אַזוי עולה רגל
ווי מיר צו דעם אומקום... עס רווישן די זאַנגען.
ס'איז ליב אונדז די ערד כאָטש נאָך איינמאָל באַטרעטן.
מיר זעגענען זיך מיט דער וועלט, מיט די גראָזן.
און עמעצער האָט זיך אַרונטערגעלאָזן,
ווי ער וואָלט פאַרשפּרייט אונדזער וועג מיט געבעטן.

און ווידוי מיר זאָגן: „זיי, פאָטער, אונדז מוחל
די זינד. זיי ניט בודק אונדז זיבן מאָל זיבן,
ווייל מיר זיינען טיילמאָל געוואָרן געשטרויכלט.
נאָר טריי זיינען מיר אונדזער אָפּשטאַם געבליבן.
און וואָרהאַפטיק זיינען מיר איינער דעם צווייטן,
ווייל איטלעכער קדוש וואָס שטאַרבט אָן אַ נאָמען,
אַליין אָנגעטאָן האָט אויף זיך דיינע קייטן
פון טריישאַפט און ליבשאַפט אין אייביקייט. אָמן.”

זאָג „אָמן”, מיין זון, פאַרגעדענק אונדזער ווידוי.
איך וויים אַז עס קאָכט אין דיין האַרצן אַ שטורעם:
דו זעסט נאָר די גרויסקייט אין פלאַם פון מרידה,
און ניט אין פאַרדבקהטן טויט מיט יסורים — — —

ווער האָט עס דיין האַרצן מיט שקר פאַרדאַרבן,
צו מאָנען ירושה און וועלן בלויז אַרבן
די גבורה פון העלד, ניט דעם צער פון דעם קרבן?
געדענק: אייער רוף זיך צו ראַנגלען און שטאַרבן
אין פלאַקער — איז אונדזער געראַנגל און פלאַקער!
דער כוח — איז אונדזער פאַרמאָסטענער אָרעם!
מיר האָבן אייך, קינדער, אין האַרצן פאַראַקערט
דעם גלויבן. און מיר זיינען ביז צו די קברים
ווי איבערגעבעטענע ברידער געקומען,
און כּורעים געפאַלן ווי פאַר דעם מזבח;
מיט בליי אין די קני און מיט בלוט אויפן גומען,
מיר האָבן געזונגען: „עלינו לשבח”...

# צווישן הויכע בערג

מיין זון, איך פיר אַצינד דיך צווישן הויכע בערג,
פֿאַרמרה-שחורהט גליווערדיק זיי שטומען,
ווי דער באַשעפֿער וואָלט זיין ניט-פֿאַרענדיקט ווערק
פֿון בראשית-צייט געלאָזט דאָ אָן אַ תקומה.
דאָ האָט ניט משה זיין נשמה אויסגעהויכט,
און גאָט האָט דאָ זיין תורה ניט געגעבן.
דאָס זיינען מענטשן! און ניט לאַנג האָט נאָך געטויכט
אין זייערע שוואַרצאַפּלען ליכט פֿון לעבן.

פֿון וואָלקנס קוקן זיי פֿאַרטרויערטע, געהיים,
די חורבות פֿון די שטיבער זיי דערקענען,
ס'איז ניט געווען זיי קיין באַהעלטעניש די היים,
איז ווילן זיי ניט נאָענט צו איר גענענען.
און אין דער וויסטעניש זיי נידערן אַראָפּ,
די שאָטנס זייערע צום הימל גרייכן,
זיי טורעמען זיך קאַרק צו קאַרק און קאָפּ צו קאָפּ,
פֿאַרשטיינערטע אין שטערן-שיין אין בלייכן.

דערנענטער זיך צום זקן מיטן ווייסן קאָפּ,
מיין זון, דאָס איז דער ראש פֿון אונדזער עדה.
דו זעסט, הכנעהדיק לאָזט ער זיין בליק אַראָפּ,
ער איז אַליין דער באַרג פֿון דער עקדה.
דער תליון האָט געטאָן מיט אים די גרויסע גנאָד,
און אים דערלויבט זיך לעבעדיק באַגראָבן.
דער זקן האָט געזאָגט, אים איז פֿאַר גאָט אַ שאָד
זיין גוף זאָל זיין צעלעכערט און צעשאָבן.

ווי זיין נשמה וויל ער אויך זיין קערפּער גאַנץ
צוריקגעבן זיין האַר ווי אַ פּקדון.
און אַט אַזוי מיט שמחת-תּורהדיקן טאַנץ,
איז ער אַריינגעזונקען אין דעם באָדן.

דערנענטער זיך, מיין וואַקלדיקער זון, צו אים,
און מיט דיין האַרץ פאַרנעם די תּפילה זכּה,
וואָס ער געזאָגט האָט מיט אַ יום-טובדיקער שטים,
ווען ער איז ביי דער גרוב געשטאַנען נאַקעט.

„איך ברענג דיר אָפּ מיין גוף, ווי יוספס יידן העמד
דעם טאַטן יעקב האָבן אָפּגעבראַכט די ברידער.
נאָר ניט פאַרבלוטיקט ברענג איך אָפּ עס פון דער פרעמד,
צום משפּט דיינעם שטעל איך זיך מיט גאַנצע גלידער.

מיין גוף וואָס איז געווען שווער פון צופיל לייב,
האָב איך געלייטערט דורך דעם פלאַם פון דיין מזבח.
אויף דיין פאַרזאָג האָב איך גענומען זיך אַ ווייב,
און אין דיין נאָמען, גאָט, צו דער עקדה גיי איך.

זיי מוחל, באַרעמהאַרציקער, די גאווה מיינע:
איך וויל, ס׳זאָל קיינער ניט אין פּיין מיר איבערשטייגן.
און ווען איך וועל צו דיר פאַר דיינע קינדער טענהן,
זאָלסטו ניט אַ דערצערנטער מיר הייסן שווייגן,

ווייל עמעצער האָט מער פון מיר פאַר דיר געליטן.
איז לאָז מיר דורכגיין אַלע דיינע האַרבע שטראָפן —
אַ זכות פאַר די וואָס דער גזר-דין האָט זיי געמיטן,
דיין רחמים-טויער עפן, ווי מיין גרוב איז אָפן — — —

„אויך דאַן ווען איך גיי דורכן טאָל פון דעם טויט,
האָב איך ניט קיין פּחד, ווייל דו ביסט מיט מיר.
אַליין האָב איך זיך ווי אַ טורעם געבויט,
און צי זיך פון קבר צום הימל — צו דיר.

„דו האָסט מיר דעם סוד פון דיין לערע פאַרטרויט,
וועסטו אויך אַריינגעמען מיך אין דיין שויס.
אַ פּאַדערהויז איז מיר דער וועג דורך דעם טויט,
און דו עפנסט אויף מיר די טיר פון דיין הויז.

„אין קבר איך ברען, ווי אין אייל ברענט אַ קנויט,
איך זינק און איך פיל גאָר די ערד אויף מיין קאָפּ.
איך טראָג דורך די ערד דורך דעם מלכות פון טויט,
און לייג זי צופוסנס דיין טראָנשטול אַראָפּ.״

# די טויטע באָבע וויגט איר אייניקל

כ'זינג אַ ליד דיר, אייניקל, מיין ניט־געבוירענער:
ווען דו וועסט מיט מזל־גליק געבוירן ווערן,
וועט דיין טאַטן, אין זיין טרויער אַ פֿאַרלווירענער,
און אין קבר, מיר דיין באָבען — גרינגער ווערן.

זע, דיין טאַטע ליגט פֿון ווייטיק אַ באַנומענער,
וויל זיין פּנים צום פֿרימאָרגן מערניט ווענדן.
וועק זשע אים, מיין אייניקל, נאָך ניט־געקומענער,
ביז ער וועט דערפֿילן דיך אין זיינע לענדן.

אין מיין בלוט, דורך הענט דורך רוצחישע פֿאַרגאָסענע,
האָב איך אים, מיין זון, דערזען ווי אין אַ שפּיגל.
פֿון דעם זאַמד זיך אויפֿגעהויבן אַ דערשאָסענע,
און צונויפֿגעלייגט די אָרעמס ווי אַ וויגל.

ווי מען רופֿט אַ פֿייגעלע, האָב איך, מיין אייניקל,
דיך גערופֿן, דו זאָלסט קומען לייכט צו שוועבן.
איך האָב דיך גערופֿן מיט אַזאַ געוויין אין קול,
ביז דו האָסט אויף מיינע הענט גענומען לעבן.

זע, ער ליגט אין גליווערניש אַן אָפּגעזונדערטער,
און ער וויל ניט עפֿענען די מידע אויגן.
זאָל ער הערן דיין געלעכטער אַ פֿאַרוואונדעטער,
נעם אַרום אים ליכטיק ווי אַ רעגנבויגן.

קלינג אין אויער אים און רייס אים מיט די הענטעלעך,
זאָל ער זייער זיסקייט אין זיין מויל דערפֿילן —
קינדער זיינען דאָך ווי ספֿר־תּורה־מענטעלעך,
נאַקעטקייט פֿון טאַטע־מאַמע צו פֿאַרהילן.

# דער אייביקער קריג

פון קבר, פון קבר איך פיר מיטן שונא אַ קריג,
מיין שטאָם צו פאַרשניידן האָט ער זיך פאַרשוואָרן.
נאָר איך האָב מיין האָפענונג ליגן אין קינדערשער וויג!
און זיין וועט דאָס קינד די ירושה פון צאָרן —
פון זיידעס וואָס האָבן די שוואַרצע שילוחים פון טויט
דערשראָקן מיט זייער פאַרביסענעם ביטול,
ווי ס'וואָלט זייער לעבן געווען אין יום־כּיפּור אַ קנויט,
וואָס שמעלצט אויס צו נעילה זיין שיין אויפן קיטל.
זיי האָבן זיך אין די יסורים פאַרהילט מיט געזאַנג,
ווי קעפּ אין טליתים ביז איבער די אויגן.
און ס'האָט איבער זיי זיך די ערד נאָך אַרומגעוויגט לאַנג,
ווי דאָרט וואָלט זיך נאָך דער יום־כּיפּור געצויגן.

פון קבר, פון קבר איך פיר מיטן שונא אַ קריג,
פאַרשוואָרן האָט ער זיך מיין שטאָם צו פאַרשניידן.
נאָר איך האָב מיין האָפענונג ליגן אין קינדערשער וויג —
אַן ערב פאַר אים איז מיר גאָט, מיינע ליידן!
און טראָגן וועט ער מיינע אויגן אין מאַרך איינגעוועבט,
דערזען וועט ער זיי אין אַ טאָג פון נסיון,
דאַן וועלן זיי אָנזויגן אים מיט עקשנות וואָס לעבט
אין אונדז אַזוי לאַנג ווי די הימלען נאָך בלויען.
איך האָב צו זיין קינדערשער וויג מיינע אויגן געווענדט
פון גרוב, ווען געזעגנט אויף מיר האָבן קוילן.
געפאַלן בין איך און צו אים אויסגעצויגן די הענט,
און שטאַרבנדיק — האָב איך אים לעבן באַפוילן.

צענטראַל־אַזיע, 1942; מאָסקווע, 1945; פּאַריז, 1947;

# טרעפ

איך רייד צו דיר — אַ מאַסקע פון אַ ריטער,
אַ קלייד פון אייזן-שופּן אין אַ זאַל,
און אין מיין שטים איז שוין ניטאָ קיין ציטער,
און אין מיין פּיין איז מער ניטאָ קיין גאַל.

איך רייד צו דיר. עס קומט מיין שטים פֿון דרויסן,
איך בין אַציינד אַן אָפּגעזעגטער בוים;
איך רייד צו דיר. דו האָסט אַרויסגעשטויסן
דאָס לעבן פון מיין קערפּער און מיין טרוים.

# טרעפּ

די שטאָט שפּיגלט אָפּ דיך מיליאָניק,
אין אַלעמען — דיך זע איך בלויז.
ביינאַכט ווערט מיין ליבשאַפט לבנה׳ק,
ווען איך וואַרט דיך אָפּ ביי דיין הויז.

אין טונקל איך פיל דיינע וויעס,
זיי צערטלען מיין פּנים, מיין הויט.
דיין טרעפּ איז די טרעפּ פון מיין תּליה —
און איך האָב מיין האַלדז דיר פאַרטרויט.

דיין מויל זוכט מיין מויל צו פאַרשטאָפּן
מיט קושן. דו לעשסט מיין געשריי.
עס שרייט אין מיין בלוט יעדער טראָפּן,
ווייל דו ביסט אין יעדן פון זיי.

איך ווער פון דיין אָטעם פאַרשיכּורט,
אַזוי ווי פון ריחות אין וואַלד.
נאָר האַלבע נאַכט אויף מיין צוריקקער
רייסט אויף אין מיין האַרץ זיך דער גוואַלד:

„דער טאָג שיידט פונאַנדער אונדזביידן,
דיין הויז איז פאַר מיר שוין פאַרמאַכט.
ווי לאַנג וועל איך זיך מיט דיר שיידן —
און קומען צוריק יעדע נאַכט?"

## וואו ביסטו?

איך ווייס ניט, איך לעב אויף דער וואָר צי איך לעב אין זכּרון.
אין שלאָף ביסטו מיר אויף אַ רגע פאַרטונקלט געוואָרן.
און יאָמערלעך־פּוסט איז געבליבן דיין אָרט אין מיין ברוסט,
און וואו דיך צו זוכן האָב איך אין דער נאַכט ניט געוואוסט.

געזאָגט האָט מיר איינער אין חלום, אַז דו ביסט פאַרפאַלן
געוואָרן אין מיר, ווי אין טייך די פאַרנאַכטיקע שטראַלן,
און איך בין דער מאַן וואָס געשלאָפן איז זיבעציק יאָר,
און שטייט אויף אין איינעם אַ טאָג און געפינט ניט זיין דור.

אַ פרוי האָט געזאָגט מיר, אַז דו ביסט אין שלאַכט אומגעקומען,
ווען דו האָסט איר זון אויף די הענט אַ האַלב־טויטן גענומען.
איך האָב אין דער רגע פון שלאָף דורכגעוואָגלט די וועלט,
און ניט אָפּגעפונען דיך צווישן די טויטע אין פעלד.

אויף מאָרגן האָסטו מיר געזאָגט, אַז דו האָסט מיך פאַרראַטן.
און ווי אַ פאַרמשפּטער זעט פון זיין צעל דורך די קראַטן
זיין תּליה, וואָס ווערט אויף דעם הויף פון דער תּפיסה געבויט —
האָב איך אין דיין שמייכל דערזען זיך פאַרמשפּט צום טויט.

איך ווייס ניט, איך לעב אויף דער וואָר צי איך לעב אין זכּרון,
און זינט דיין געשטאַלט איז אין שלאָף מיר פאַרטונקלט געוואָרן,
פאַרשטיי איך דיין שווייגן ניט: ביסטו מיר אומטריי צי טריי?
איך גיי אַרום דיר און מיט אָפענע אויגן איך שריי:

„וואו ביסטו?"

# מיין היים

דינט אומטריי ס'איז געוואָרן מיר מיין באָדן,
האָב איך פון ליבשאַפט אויסגעקלעפּט מיין היים.
איך האָב אין אַלע טייכן זיך געבאָדן,
און וואוין אויף יעדן ברעג פון רויטן ליים.

מיין היים איז וואו דו ביסט מיט מיר פאַראַנען,
און וואו עס פרילינגט לאָמיר זיין צו געסט,
ווי אויף אַ וואַסער זילבערנע צוויי שוואַנען,
באַגלייט פון זייער שווימענדיקער נעסט.

נאָר דו פאַר רו און קערנער לאָזט זיך כאַפּן,
דו פויגל שרעקיקער, פון וואַנדער מיד,
ווערסטו אין שטייג ניט מיט די פליגל קלאַפּן,
ווען איך וועל אויפזינגען מיין וואַנדער-ליד?

# דער אסקעט

איך ליב דיך ווי אַ מאַן,
באַזינג דיך ווי אַ דיכטער,
און לייד ווי אַן אַסקעט.
עס איז אין מיר פֿאַראַן
אין פֿינצטערניש געדיכטער,
אַ ווידערשיין פֿון ליכטער,
וואָס דאָס געהיימע זעט;
נאָר דאָס וואָס נאַקעט גליט אין טאָג־שיין אויפֿגעהעלט,
די שטיינעריקע וואָר — דאָס איז פֿון מיר פֿאַרשטעלט.

ווייל אונטער אַלע ליימיקע געזיכטער
פֿון מאַן און פֿון אַסקעט און דיכטער,
אַ בלינדער בין איך אויף דער וועלט.

איך בין אַ מידער גייער,
און וואו איך קום פֿאַרבלייב איך פֿרעמד.
מיין פּנים איז אַ שלייער,
מיין גוף איז אַ געשאָנקן העמד.
איך האָב מיין בענקשאַפֿט־גלי ווי קויל
אין דיר אַריינגעבלאָזן,
איך בין געבליבן נאַקעט־הויל —
דאַן האָסטו מיך פֿאַרלאָזן.

ניט זאָג צו מיר: „פֿאַרגיב".
עס ווייס ניט קיין מתבודד פֿון מחילה.
מיין האַרץ האָט אַן רחמנות ליב,
לאָז קניען מיך פֿאַרגליווערט אין מיין תּפֿילה.
מיך טייט די קלענסטע וואונד,
דאָך ליבן אויך דיך מיינע וואונדן,
ווייל ביז זיין טיפֿסטן גרונט
איז צו זיין פּיין דער איינזאַמער געבונדן.

# אן אנדערע ביסטו

מיט ציטערדיקע הענט איך טאַפּ דיך אָן:
פאַרשטעל זיך ניט. אַן אַנדערע ביסטו!
מיין חלום האָט אין לייב זיך אָנגעטאָן,
דערקען איך דיך ניט מער. דו ביסט — ניט דו.

דיין שמייכל, דיינע אויגן, דיינע רייד
פאַרטונקלען די וואָס איך האָב אויסגעטראַכט.
איך ריים אַראָפּ דיין קערפּער ווי אַ קלייד,
און מיט דיין אָנדענק לויף איך אין דער נאַכט.

אַזוי אַנטלויפט אַ נביא פון אַ בילד,
וואָס האַלט געפאַנגען דאָס געשטאַלט פון גאָט.
ער קומט צו מדבר-פעלדזן וויסט און ווילד,
וואו גאָט האָט אויסגעשטורעמט זיין געבאָט.

דער נביא קניט, אַ פיבער טרייסלט אים:
„מיין גאָט, איך זע דיך ניט, דיין פייער בלענדט.
צוליב דיין דונער — הער איך ניט דיין שטים,
און בלויז דיין קלייד איז פלאַם אין מיינע הענט."

# זיי מוחל מיר, פאַרטאָג

זיי מוחל מיר, פאַרטאָג, וואָס פאַר דיין ליכט
איך פאַל ניט אויף די קני און ווער געלייטערט,
און איך באַהאַלט פון דיר מיין אָנגעזיכט,
און אין דער פינצטער מוז איך בלאָנדזשען ווייטער.

אַ פרוי אין האַלבער נאַכט האָט אויף די טרעפּ
איר אָטעם־גלי אין מיר אריינגעבלאָזן,
און אַלע שאָטנס, ווי איר שוואַרצע שלעפּ,
האָט זי אין מיינע הייסע הענט געלאָזן.

איך רוף צו איר מיט אויסגעשטרעקטע הענט:
„גיב אָפּ מיין ליכט, גיב מיר צוריק מיין ווילן."
זי איז אַוועק שוין, נאָר איר שוואַרצקייט ברענט,
מיין בלוט זאָל אין די אָדערן ניט קילן.

און מיין געמיט איז צו אַ וואַסער גלייך —
אַ תהום מיט וואַסער־גראָז געדיכט פאַרצויגן.
דער טאָג־שיין זוכט דעם אָפּגרונט פונעם טייך,
נאָר ס'הוידעט זיך די נאַכט אין וואַסער־אויגן.

איך קוק דיך אָן צערודערט און מיט האַס,
דו קראַנקן־שוועסטער, ליכט־שיין פון פרימאָרגן,
אַ שיף־ברוך איז מיין ליבּ. די משוגעת
האָט צו דעם שוואַרצן אָפּגרונט מיך דערטראָגן.

מיין בענקשאַפט איז אַ ליכט־סיגנאַל פון שיף,
וואָס רופט נאָך הילף... ביז כוואַליעס אים פאַרטרינקען.
נאָר דו, פאַרטאָג, אויף מיין צעברויזטער טיף,
ביסט שטילער ליכט־שיין וואָס באַלויכט מיין זינקען.

# קידושין

איך האָב געשפילט זיך מיט דיין פריינדינס קינד,
אויך דו שטייסט אָפטמאָל ביי זיין וויג געבויגן,
דאָס קינד אַליין איז ווי אַ שפיגל בלינד,
נאָר פון זיין גופל שטראַלן דיינע אויגן.
און ווי אַ רינג דאָס קינד אונדז ביידן בינדט —
דאָס קינד וואָס דו האָסט אויף די הענט געוואויגן.

מען טוט אָן אַ געבאָרגטן רינג אַ פרוי,
און דאָך פאַרבלייבן הייליק די קידושין.
דו וואָלטסט מיך אָנגעקוקט דערשטוינט אַזוי:
וויל איך מקדש זיין דיך מיט די קושן,
וואָס איך האָב אין אַ פרעמדן קינדער-צימער
געקושט אַ קינד אויף וועלכן ס'פאַלט דיין שימער?

נאָר ווען די מוטער פונעם קינד דערמאָנט
דיין נאָמען, ווערט אַן אָפגרונט אינעם חדר,
ווי איך וואָלט אַ געהיימען שפּאָט דערקאָנט
אין אָט דער פרוי וואָס רעדט פון דיר כסדר.
און צו דיין פריינדין רוק איך צו זיך נאָנט,
צו שמעקן דיין גערוך פון אירע קליידער.

אַצינד אַנטלויף איך שוין פון איטלעך הויז
וואו ס'ווערט דערמאָנט דיין נאָמען. ווי אַ חיה
מיידט אויס דעם אָרט וואו ס'איז אויף איר אַרויס
אַ יעגער פון דעם וואַלד-געדיכט פאַרטייעט.

דו ווייסט ניט, אַז אַ קינד ביי דיר אין שויס
וועט זיין אַוועקגערויבט פון מיין געלעגער,
ווי דו פאַרשטייסט ניט, אַז איך מייד דיך אויס
מיט שטומקייט פון אַ וואָלף וואָס מיידט דעם יעגער.

# א פרעמדע פרוי

דיין מאַן, ער שלאָפֿט דאָך מיט אַ פרעמדער פרוי,
די פרעמדע פרוי — ביסטו. ווייל דו ביסט מיינע !
איך האָב געליטן צוליב דיר אַזוי,
אַז אים געהערן בלויז די גלידער דיינע.

נאָר דיין געדאַנק, דעם אָטעם פון דיין מויל,
האָב איך פון וויטן דאָרשטיק אויסגעזויגן.
פאַר אים, דיין מאַן, דו צאַפּלסט נאַקעט-הויל,
און מיר געהערט דאָס ליכט פון דיינע אויגן.

מיין פנים יאָגט דיך דורך דער גרויסער שטאָט,
און פון מיין פלאַקערן ביסטו פאַרברענט שוין.
כ'באַוועלטיק דיין געדעכעניש, ווי גאָט
באַשאַפן האָט פון בערגל ליים דעם מענטשן.

און ווען דו ווערסט צוריק אַ בערגל ליים,
געזעטיקט ביי דער זייט פון מאַן אין דרימל,
שלייך איך אַריין אין מיין באַרויבטער היים,
און אין דיין חלום בלוי איך ווי דער הימל :

„קום, איינציקע, אַרויס פון פרעמדן שויס,
נאָך דיין פאַרראַט מיט בייזער פרייד אַזויפיל,
איך וואַרט, אַז דו זאָלסט פון דיין זינד אַרויס
אויף מיינע הענט — אַ ניי-געבוירן עופל."

# אליין

איך בין ביינאַכט אויף טרעפּ דיר נאָכגעלאָפן,
דו ביסט פון מיר אַנטרונען שטום פון שרעק.
ביז דו האָסט אין מיין האַרץ אַריינגעטראָפן,
ווען דו האָסט שטיל געזאָגט מיר: „גיי אַוועק."
בין איך אַוועק. און דאָס מאָל שוין אויף שטענדיק!
איצט גייסטו רואיק אויף די טרעפּ ביינאַכט.
מיין גורל-קרייז איז אַרום דיר פאַרענדיקט,
מיין בלוט האָט אַרום דיר אַ קרייז געמאַכט,
און איך וועל אים שוין מערניט איבערשפּרייזן.
נאָר דו אין ראָד וועסט שטיין ווי אויף אַ שיף,
מיין פּיין וועט ווירבלען אַרום דיר אין קרייזן,
און דיך פאַרטראָגן אויף אַ קאַלטער טיף.
וועסט קוקן אויף צוריק, און אויף די ברעגעס
דערזען וועסטו דיין פריינד-געזעמל — קליין.
אויך מיך וועסטו דערזען אין אָט דער רגע
צום האָריזאָנט זיך אויפהייבן אַליין.

איצט קען שוין ניט די נאָנט מיין גרויס פאַרשטעלן,
דער קראַנקער אַנוואוקס אויף מיין לייב פאַרשווינדט.
איך גיי דיר נאָך אַ שטרענגער אין מיין עלנט,
און רייד צו דיר אין זיפצן פונעם ווינט.
דו זעסט ניט אויף דעם ברעג מער די באַגלייטער,
די טאָג-פריינד, און דו רייסט די אויגן אויף:
אין הימל וואַקסט מיין טרויער אַ פאַרשנייטער,
דאָרט בין איך דורך מיין איינזאַמקייט אַרויף.
איך שווים דיר נאָך דורך וויסטע ים-אין-סופן,
פון אָפּגרונט לויכט אַ פענצטער פון דיין היים...
פון מיר ביסטו ביינאַכט אויף טרעפּ אַנטלאָפן,
איצט שנייד איך זיך אַריין אין דיר געהיים.
איך האָב פאַרצויבערט דיך. מיין צער דער שטרענגער
איז שטום געוואַקסן ווי עס וואַקסט אַ שטיין;
צו גרויס מיין פּיין איז פאַר דיין ברוסט דער ענגער,
איך שווים דיר נאָך. ווי איך ביסטו — אַליין.

# דער נאָמען

פאַר מיר שטייט אַ פרוי איינגעהילט אין דער נאַכט,
און שעפּטשעט צו מיר: „רוף מיך אָן ביי מיין נאָמען.
און איך וועל דאָן וויסן אַז דו האָסט געטראַכט
פון מיר. וועל איך געבן אַ פלי איבער תהומען,
און טראָג דיך אַרויס אין פאַרטאָגן אין קלאָרע
פון פלאַם וואָס אַרומגעכאַפּט האָט שוין דיין גוף.
און בליען וועסטו ווי אַ בוים וואָס זיין קאָרע
פאַרוויכערט איז בלויז. רוף ביים נאָמען מיך, רוף."

דער נאָמען שוין ברענט אויף מיין ליפּ ווי אַ קויל,
און לויכט אין מיין מאַרך ווי אַ ליכט אין אַ נעפּל.
נאָר איך הער אַליין ווי עס רופט אָן מיין מויל
אַ נאָמען — אַ צווייטן. און שיכּור איך פּרעפּל
פון בענקשאַפט צו יענער וואָס האָט מיך פאַרפּייניקט.
און ווי אירע נאָז-לעכער האָבן בגילופין
געמאַכט מיך אַמאָל, פיל איך איצטער אַ תענוג
פון ווייטן זי כאָטש ביי דעם נאָמען צו רופן.

די פרוי וואָס צו אויסלייזן מיך איז געקומען,
פאַרברעכט אירע הענט אויף מיין קאָפּ ווי צוויי פליגל:
„אַ דאָרן פאַרקראָכן איז אונטער דיין גומען.
אַריין ביסטו אין אַ פאַרשוואָרענעם עיגול.
איך טראָג דיך אַרויס פון דיין זינדיקן גוף,
אַזוי ווי פון קאַלכאויוון. רייד אויס מיין נאָמען.
און רופסטו צו מיר, דעמאָלט וועט ביי דיין רוף
אין האַרצן דיר אויפגיין אַ ליכטיקער זאָמען."

נאָר צוגעקלעפּט זאַלציק מײַן צונג איז צום גומען.
און רײַסן אַרויס פֿון מײַן גאָרגל זיך טענער,
דערהער איך אַלײן אין מײַן היהשן ברומען
דעם נאָמען פֿון יענער, דעם נאָמען פֿון יענער.
ביז ווײַט אין דער נאַכט ווערט פֿאַרשלײדערט מײַן קול,
מײַן לײַב איז אַ וואָלקן וואָס פֿיבערט אױס בליצן.
דאַן זינקט אײַן די פֿרוי אין דער ערד מיטאַמאָל:
„טאָ זאָל דיך דער נאָמען פֿון יענער באַשיצן!"

מאָסקווע, 1945

# ראַנדעוואו ביים דענקמאָל
# פֿון דאַנטאָן

אַ פֿרוי דערוואַרט איך ביי דעם דענקמאָל פֿון דאַנטאָן.
דער דענקמאָל וועקט אין בלויען אָוונט-שיין פּאַריז.
אין ראָק אין בראָנדזענעם ווי אין אַ משוגעים-קאַפּטאָן אָנגעטאָן,
האַלט ער אַ פֿינגער אויסגעצויגן ווי אַ שפּיז:
„פֿאָרויס!״ עס לויפֿט אים נאָך אַ יינגל מיט דעם צווייגל פֿון דער רעפּובליק,

און אויף זיין זייט הענגט שווער דער באַראַבאַן אַרונטער,
דאָס לעבן פֿרילינגט אין דעם אויפֿגעוואַכטן יינגלס בליק
צום נאָכשפּאַנען דעם רוף און שטאַרבן מונטער.
דער לייביקער דאַנטאָן פֿאַרהייבט זיין טראָט,
רייסט אויף זיין מויל דעם תאוהדיקן גרויזאַם-שטרענגן,
פֿון הינטן גייט אים נאָך די אויפֿגעברויזטע שטאָט,
נאָר ס׳בלייבט זיין שטיוול אין דער לופֿטן הענגען.

ווי אויפֿן פּיעדעסטאַל דער יינגל מיטן באַראַבאַן,
קוק איך פֿאַרטרויט אַריין אים אין די אויגן:
„דאַנטאָן, וואָלט איך געווען ווי דו אַ מאַן,
וואָלט איך אַ הויט פֿון שטיין אויף זיך אַרויפֿגעצויגן,
נאָר איך מיין ליבשאַפֿט גיב אַ מיידל אָפּ״ — — —
און אין דער רגע צוק איך אויף פֿון דעם באַריר פֿון מיידל-פֿינגער צאַרטע,

הויך איבער מיר וואַקסט אויס אַ בלאָנדער קאָפּ.
פֿון דענקמאָל קוקן נאָך מיר אויגן בראָנדז-פֿאַרשטאַרטע.

מיר גייען זאַלבעצווייט. אויף אירע וויעם פֿערלען טרערן.
זי כליפעט שטילערהייט: „איך קען מיין ליבשאַפֿט ניט דערוועקן.״
איך קוק אויף איר: איר גרויסער אויסגעקלאָרטער שטערן
ווערט טונקעלער און נעמט מיט שאָטנס זיך באַדעקן.
זי שטייט ביים טייך מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן בליק.
די סען האָט אָנגעצונדן זיך מיט שקיעהדיקע פלעמלעך,
ווי ס׳וואָלט דאָס מיידל נעבן מיר דאָ אויפן בריק
אין טייך פֿאַרלאָרן אירע גילדענע האָר-קעמלעך.
און ווי עס וואָלט מיין שווייגן זי געפּייניקט,
זי טוט אַ שמייכל און זיך שטיל מיט מיר געזעגנט.
דעם ווינט דעם פייכטן זויג איך דאָרשטיק און מיט תענוג.
עס רעגנט.

עס שניידן דורך מיין פּנים גרינע בליצן,
און איך דערזע די רעוואָלוציע-תּפֿיסה ביי דער סען, דעם וועכטער-טורעם:
דו ביסט אַנטלאָפֿן, מיין געליבטע, פון מיין שטומקייט זיך באַשיצן,
איצט האָט מיין שטומקייט דיך דעריאָגט אין שטורעם.
דער ווינט שלעפּט דיך צוריק. דו לויפסט און זעסט אין בליץ
דעם אָפּשיין פון מיין גליווערדיקן צאָרן,
און איך שטיי אין דער נאַכט — אַ תּפֿיסה-טורעם מיט אַ וואָלקנדיקן שפּיץ,
וואָס האָט זיין קאָפּ אין טונקלקייט פֿאַרלאָרן.

נאָר פּלוצלונג ציט זיך אוים צו מיר אַן אָרעם,
ווי שרויט צעשיטן זיך די קלעפּ פון באַראַבאַן,
אין דער צעבליצטער פינצטערניש דערזע איך קלאָר אים —
דאַנטאָן! אַדורך דער נאַכט טוט ער צו מיר אַ שפּאַן,
דער ראָק צעפלויגן, ווי ער וואָלט געוואָלט מיך אונטער אים אַרונטערנעמען,
און פאַר אַ פייקלער-יונג מיך מאַכן.
דער רעגן רינט פון זיינע כמורנע אויפגעשטעלטע ברעמען,
און ס׳דונערט אינדערנאַכט זיין לאַכן.

ער איז פֿאַרשיכּורט נאָך פֿון פֿרייהייט ווי פֿון ווײַן,
ער יובלט פֿריידיק, פֿול מיט הפקר־מוט פֿון סאַנקיולאָטן,
ער איז צוריק אין זײַן צעבראָנזטער לײַדנשאַפֿט אַרײַן,
גלײַך ווי אין שטעכעדיקע דראָטן.
ס'איז לײַכטער אים זײַן בראַנדז ווי מיר די דורכגענעצטע בגדים.
אין זײַנע אויגן נעמט זיך אויפֿשמעלצן דאָס בלײַ,
און ער לאַכט שפּאָטיש־ווילד ווי עמעץ וואָלט פֿאַרטרויט דעם סוד אים,
אַז מיר און איר איז אַנצוהייבן שווער אויפֿסנײַ.

פֿון ווײַטן הילכט אָפּ אויפֿן ברוק ווי ס'וואָלט דער גיליאָטינע־וואָגן
צום פּלאַץ פֿון די געקעפּטע האַסטיק זיך געטראָגן,
און ס'לאַכט דאַנטאָן — אַ בראַנדזענע סימפֿאָניע — העכער, ווילד
און ברויזיק.
ווער אויף אַ סעודה וואַרפֿט זיך ברייט מיט געלט,
און ער האָט צוגעוואָרפֿן זײַן אָראַפּגעהאַקטן קאָפּ מיט
דונערדיקן חוזק
דער אומדאַנקבאַרער וועלט.

פּאַריז, 1947.

# אויפן ברעג

דער ים . . . זיץ איך ניט אויף דיין ברעג שוין אַ יאָרטויזנט?
איך הער דיך שטורעמען אין די געזאַנגען פון יהודה בן הלוי.
די כוואַליעס דיינע ברענגען מיר זיין ווידערקול,
זינט ער האָט זיך פאַרטרויט דיר, דו זאָלסט אים דערפירן צו זיין גורל.
די לידער זיינע פלאַטערן אַרום די וואָגל-שיפן,
וואָס זוכן אויך ווי ער אַמאָל דעם וועג קיין מזרח.

פון מערב שלעפט צוריק די וואַנדערער אַ נאָפּל-שנור אַ בלוטיקע,
דער וויי-געשריי פון די פאַרלאָזטע קברים אין געבוירן-לאַנד.
און פון דעם מזרח ווערן זיי צוריקגעשליידערט,
ווי ס׳וואָלט די ערד איר צונג דעם טרוקענעם אַרויסגעשטעקט
און אויסגעלעקט דאָס וואַסער.

איז ניט אויף דיינע ברעגן, ים, געזעסן היינריך היינע?
אַ קאַלטער שפּאָט אויף זיינע ליפּן האָט געצוקט, ווייל ער האָט זיך
געשעמט מיט טרערן.
ער איז געווען קראַנק מיט טרוימען ווי דיין תהום מיט פּערל.
ווי דו פאַלסט אָפּ פון ברעג און קומסט צוריק נאָך ברויזיקער,
איז אָפּגעפאַלן אָפּט זיין האַרץ פון אָפּשטאָם זיינעם,
און איז צוריקגעקומען פול מיט בענקשאַפט נאָך אַ היים.
זיין קאָפּ, אַ וואָלקן-נעסט פון בליצן, איז אַראָפּגעהאַנגען פינצטער,
אַ נאָדל-וואַלד אין צפון קוקט אַזוי אַרונטער פון אַ באַרג
אין וואַסער-שפּיגל.

און אויף דיין ברעג איז אויך געזעסן משה-לייב און ניט פארשטאַנען
ווי יונה האָט געוואָלט אַנטלויפן פון זיין גאָט.
איז משה-לייב געווען דען קליגער פון דעם נביא יונה?
ער האָט געוואוסט, אַז פון דעם גורל קען מען ניט אַנטלויפן.
און מיד איז ער געווען שוין פון די ניסים אין תנ״ך.

און איצט זיץ איך ביי דיינע ברעגן, ים. דו האַלטסט דיין קאָפּ
אין הימל,
ווי דו וואָלטסט דאָרט געזוכט אַן ענטפער אויף די ספיקות מיינע.
ביסטו באַשאַפן אָפּצוטיילן מיך פון ווייטן ברעג, איך זאָל פון אים
נאָך קענען חלומען?
דו רינגלסט מיך אַרום, פאַרשווענקסט מיך ווי אַן אינדזל,
אַז איך זאָל קיינמאָל פון מיין טרויער ניט אַרויס.
און אין דער גאַנצער וועלט זאָל איך בלויז זען מיין עלנט,
גלייך ווי דער שלאַנג דער גאָט-פאַרשאָלטענער וואָס פילט אין אַלץ
דעם טעם פון ערד.

דער שטיין ביים ברעג האָט ווי אַ פּיאַווקע אין מיין לייב זיך
איינגעזויגן.
איך קען זיך ניט פון אים אָוועקרייסן. און אויף מיין פּלייצע
וואַקסט דער הויקער,
ווי ער וואָלט מיר אַריבער בירושה
פון אַלע דיכטער אונדזערע וואָס האָבן מיטן ים געשמועסט —
דעם אַלטן חוקר.

# די נאכטיקע וואנדערער

די כוואַליעס ציען זיך פּאַמעלעך ווי אבלים פון בית־עולם.
פון מערב קומען זיי. דאָרט האָבן זיי די זון באַהאַלטן.
איר קבר גאָלדיק לויכט פון תהום. דאָס שקיעה־האַרץ האָט
נאָך ניט אויסגעפלאַמט,
נאָר ס׳טונקלט שוין דאָס פּורפּור־וואַסער און גייט שטילער, טריבער.

עס שטייגט אויף די לבנה ווי אַ גילגול פון דעם קבר פון דעם זוניקן,
און זי באַלייכט מיט טויטן־שיין ניט־דאַאיקע געשטאַלטן,
וואָס לאָזן זיך אַרויס אין אומענדלעכן וואָגל.
די שאָטנס שטעלן אָפּ זיך ביי די אינדזלען. וועלן זיי דאָרט רו געפינען?

די פעלדזן רירן זיך ווי פון אַ כּישוף־שפּרוך און פּראַלן אויף
געהיימע היילן.
און ווען עס קלאַפּן אָן די כוואַליעס אין די חורבות פון די פעסטונגען,
וואָס גרויען אויפן ברעג פאַרצייטיקע אַנטקעגן דעם אַריינדרינגער
פון צפון —
צעעפענען זיך טויערן. און מיינע אומגעבראַכטע ברידער גייען
דאָרט אַריין.
ביז אַלע אינדזלען און רואינען ווערן פול מיט די געהיימע גייער.

די שאָטנס מערן זיך ווי ס׳וואָלטן זיין די כוואַליעס שווימענדיקע
קאַסטנס
פון אומגעקומענע וואָס האָבן ניט קיין קברים.
אויך די וואָס האָבן אין די שפּאַלטן זיך פאַרקליבן וואַנדערן
פון דאָרט צוריק אַרויס,
ווייל ס׳איז נאָך ניט געזעטיקט זייער חלום וועגן לענדער אין מרחקים,
אַז וואָלט מען זיי געלאָזט כאָטש הפקר אויף די ימים,
וואָלט אפשר זיי דער ווינט דערטראָגן ווי אַ פייגל־כמאַרע
צו אַ מאַסט־בוים.
פאַרבאָרגן וואָלטן זיי זיך אויף די וויסטע אינדזלען.

דעריבער טוליען זיי זיך צו די שטיינער פון די ווילדע פעלדזן-הײלן.
זיי זוכן דאָרט באַהעלטענישן ווי ביים לעבן.
נאָר ס'יאָגט זיי ניט-געשטילטער אומרו. וואַנדערן זיי ווייטער.

זיי שוועבן ווי דער גייסט פון גאָט אויף פאַרבראשיתדיקן וואַסער.
זיי בלאָנדזשען איטלעכער באַזונדער, טיף דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן.
און דער וואָס קומט צו נענטער, וואַקסט אויס גרעסער. כ'זע זיין
פּנים ניט, נאָר הער זיין שטומקייט.
ביז ער פאַרפילט דעם שטח צווישן ים און הימל ווי די פינצטערניש.
און אין זיין שפּאַן איז גאָר די שווערקייט פון אַ בער און איינזאַמען.
אַ רגע בלייבט ער שטיין ווי ער וואָלט זיך באַראָטן,
צי זאָל ער ניט אַראָפּגיין אויפן ברעג וואו איך זיץ אַ פאַרגליווערטער.
און ווייטער וואַקלט ער אַוועק צום האָריזאָנט מיט אויסגעשפּרייטע
אָרעמס,
ווי ער וואָלט ניט דערוואַרט צו טרעפן מער קיין ווינקל פאַר מנוחה.

און אויפן וויסטן ים-ברעג בלייב איך זיצן ווי דער מענטש
דער לעצטער.
און איידער איך פאַרפריר באַווייזן זיך צו מיר די שאָטנס,
וואָס זיינען אויף דער ערד דעם וועג פון אומקום דורכגעגאַנגען.

# אין לבנהדיקע נעכט

ווי טרויעריק מיר איז אין די לבנהדיקע נעכט ביי דיינע ברעגן, ים.
דו שווענקסט אַרויס אַזויפיל שליים, דאָך קאָנסטו ניט
אַרויסשווענקען פון מיין געמיט
מיין ערד, די דורכגעווייקטע, בלאָטיקע.
דו קומסט אַליין צו מיינע ברעגן ווי אַ הונט מיט וואַסערדיקע אויגן,
און בעטסט, אַז איך זאָל דיך באַפרייען פון מיין אומעט וואָס אויך
דיך באַוועלטיקט.

ווער האָט עס די לבנה ווי אַ לאָמפּ אַרויסגעהאַנגען אויפן הימל,
ווי ס׳וואָלט אַ נאַכט־וועכטער מיט אַ לאָמטערן אינעם שניי
געזוכט דעם שפּור פון אַ פאַרשאָטענעם?
ווער רופט צו מיר פון זילבערנער אומענדלעכקייט?
ווער זיינען עס די מיידלעך דאָרט מיט לייבער טוי־געפּערלטע
און מירמל־בלאַסע?
דאָס זיינען יונגפרויען וואָס איך האָב נאָכגעקוקט זיי ביי די
וואַסערן די היימישע.
איצט שווימען זיי אַרויס אין דער לבנהדיקער שטילקייט אויפן ים.
זיי ליגן פראָסטיק־נאַקעטע פאַרשפּינט אין קאַלטע שטראַלן.
זיי וועלן פון דעם ציטעריקן ליכט־געוועב שוין קיינמאָל ניט אַרויס,
מער קיינמאָל ניט אַרויס.
און זייער טויטן־ליד קען מיך בלויז צו די אָרעמס זייערע פאַרפירן.
עס זעט ניט קיינער זייער מיידלשקייט וואָס איז אין זילבער
איינגעפראָרן.
און קיינער הערט שוין ניט דעם ווידערקול פון מיינע היימישע
פאַרפלעקטע טייכן.

דער ים איז שטיל. עס לייגן זיך די כוואַליעס אוים ווי שטאַפּלען.
איך וואַרט, עס זאָל אויף זיי אַראָפּגיין גאָט אין אַ לבנהדיקן מאַנטל.
און איך וועל בעטן אים, דער ים זאָל איבער מיר פאַרשטיינערט ווערן,
און איך וועל זיצן אין זיין טיף ווי אין אַ הייל.

# אויף די פעלדזן ביים זון־פארגאנג

פון זאַמד־ברעג ביז צום האָריזאָנט פון ים ליגט אויסגעוועלבט
א בריק א זוניקע,
אַז איך זאָל קענען גיין אויף איר ווי דורך דעם מדבר־זאַמד אַ נביא
צו זיין גאָט.
נאָר איך קען זיך ניט אָפּרייסן פון פעלדז. די מושלען
אַריינגעוואַקסן זיינען אין דעם שטיין ווי אין מיין האַרץ און מוח
די זכרונות.

און אויף אַ צווייטן שטיין זיצט אַ מאָנאַך. אויף זיינע דלאָניעס —
אַ געבעט־בוך.
ווי אונטער אים דער שטיין וואָלט זיין אַ קלויסטער פון דעם אָפּגרונט,
וואָס שווימט אַרוים ווען ס'טרעט דאָס וואַסער אָפּ צוריק.
ער הייבט די הענט אויף. אין זיין שוים פאַלט דאָס געבעט־בוך.
און ער בלייבט זיצן שטאַר פאַרקוקט אין זון־פאַרגאַנג.

און אים אַנטקעגן ליגט אַ מעווע אַן אַראָפּגעשאָסענע,
אַ יינגל נאַקעט־הויל. ער וואַרעמט זיינע ברוינע גלידער.
זיין בלאָנדער קאָפּ הענגט פון דעם פעלדז אַרונטער ווי אַ בינטל
שטראַלן.
ער האַלט די פליגל־אָרעמס אויסגעשפּרייט — אַוועקצופליען.
זיין קאָפּ און זיינע אַקסל שטורעמען אַרויס פון דעם גראַניט.
אָט באַלד וועט ער אַ פלאַטער טאָן און מיטשלעפּן דעם שטיין.
און ביי דעם ים־ברעג שטייט אַ נאַקעט קינד.
עס גראָבט אין זאַמד און שפּרייט אויס זיינע הענטלעך צו דער חיה,
וואָס אויסגעפּילט האָט מיט איר קערפּער גאָר די ווייט.
זי צאַפּלט, צוקט מיט אַלע אירע גלידער די ווייכלייביקע.
און פון איר אָטעם הייבן אויף זיך כוואַליעדיקע ווענט.

נאָר ווי זיי קומען נענטער צו דעם קינד, זיי ווערן קלענער, קלענער.
דער ים לייגט זיך אַוועק ווי אַ קודלאַטער הונט,
און לעקט די פיס פון זיין באַפעלער, פון דעם עופעלע וואָס לאַכט.
און די קודלאַטע חיה קוקט אַרויף צום קינד מיט גוטע אויגן.

און ביז צום האָריזאָנט ליגט אַלץ נאָך אויסגעוועבט דער שליאַך
דער זוניקער.
אין מערב וואַרט די שקיעה
אַז מיט דעם וואַסער־וועג זאָל אָנקומען דער נביא מיטן הויכן שטעקן.

און אויף דעם ברעג וואו ס'איז דאָס קינד פאַרגאַפט געשטאַנען,
שטייט איצט אַ האָריקע באַשעפעניש מיט ברייטע אַקסל.
די קני צעקרימט און אַקסיש אָנגעשפּאַנט דעם האַלדז.
די ליפּ אַראָפּגעהאַנגען און די הויט ווי שופּן שטעכיקע.
ווי ער וואָלט אָקערשט פון דעם ים אַרויסגעפויזעט.
זיין לייב איז שליימיק און די אויגן — רויגן זאַלציקע.
עס כאַרכלט אין זיין קעל די שטים וואָס איז נאָך ניט געבוירן.
אים שרעקט די נאַכט וואָס קריכט אויף אים מיט אַ פאַרשלאָסן פּיסק.
ער וויל צוריק צום ים. דאָס וואַסער אָבער האָט זיך אויפגעשטעלט
און שטופּט אים אויפן ברעג.
ער קריכט צו מיר און איך זיץ אַ געליימטער און איך שווידער.

# קום, אויסלייזער

קום, אויסלייזער, דו שטורעמדיקער אומהיימלעכער ים,
ביַיטאָג טרינקט אָן מיַין האַרץ זיך מיט דיַין מונטערקייט דער קוואַליקער,
ביַינאַכט הער איך דיַין דונערדיקן צאָרן און אין חשכות זע איך דיַינע וויַיסע ציינער.
דו כאַפּסט דעם ברעג און ווילסט אים אין דעם תהום אַרונטערשלעפּן.
דו גריזשעסט די יבשה ווי אַן אָפּגעהאַקטן שטאַם וואָס פוילט אין זיַינע וואָרצלען.

דאָס לעבן וואָס איז פון דיַין טיף דער שוימיקער אַרויס אויף אונדזער ערד,
געוואָרן איז פאַרשטיינערט און פאַרפאַנצערט מיט לישייעס.
קום, באַפריַיער!
נאָר דו קענסט אָפּקילן דעם פלאַקערדיקן אָטעם פון דער זון דער זינדיקער.
נאָר דו קענסט לייטערן.

דערלייז מיך, אָפענע געהיימעניש, דו ערשטע ברכה פון באַפרוכפערונג.
פאַרטריַיב די שרעקן מיַינע ווי אַ מחנה רויבערישע פייגל.
קענסטו מיט גאָר דיַין קלאָרקייט מיך ניט היילן פון מיַין טרויער?

איך וויל, עס זאָלן מיַינע סטראָפעס ווערן פריַי ווי דיַינע כוואַליעס.
דער ווינט זאָל זיי צונויפקייטלען און זאָלן זיי דעם ברעג אַריבערשטורעמען.
און ווען דו וועסט געזעטיקט אָפּטרעטן, וועל איך דיר נאָכלויפן
מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס ווי אַ מעווע,
וואָס וויגט זיך צו דיַין טאַקט און זוכט איר פאַנג.

איך זינג צו דיר, דו ערד־פאַרשלינגער.
איך שליַידער אויף דיַין ברוסט זיך מיט מיַין האַלדז און עלנבויגנס.

און דיינע שטראָמען זיינען אויף מיין קערפּער שופן זילבערנע.
איך וויל, אַז דו זאָלסט דורכרינען דורך מיינע לייב-געוועבן,
און רייניקן די ווילד-האָר אויף מיין האַרצן.

אין אַלע מיינע ווייטאָגן האָט מיך געטרייסט וואָס דו ביסט מיר
געבליבן..
ווי ס'טראַכט אַ יינגל פון זיין פאָטער וואָס געזען האָט ער ניט קיינמאָל,
אַזוי האָב איך געטראַכט פון דיר. דיין ווידערקול האָט אין מיין
מאַרך גערוישט.
איך האָב געשמייכלט אַ פאַרסודעטער ווייל דו האָסט אויף מיין
פנים זיך געשפּיגלט.
איך האָב געוואוסט: ביסט דאָ! דיין זיין האָט מיר געגעבן כּוח.

אויך די וואָס דו האָסט זייער היים פאַרשלונגען האָבן ליב דיך
פאַר דיין אָפנקייט.
די שטעט וואָס דו פאַרשלעפּסט אין תהום פאַרכּישופסטו און
צירסט זיי אוים מיט פערל.
די מענטשן האָבן זייערע חלומות אָנגעטרויט דיר ווי אַ צירונג-קאַסטן.
ווי ס'טרויט זיך אָן די זון פאַרנאַכט דיין בעט.
דו טראָגסט אַוועק געיאָגטע אויף די אַקסל דיינע ווי אַ פאָטער.
און ווען דו לאָזט זיי אויף אַ פרייען ברעג אַרונטער, לויפסטו
אויף צוריק,
און נעמסט פון פרייד אַרום דעם האָריזאָנט מיט דיינע אָרעמס.

אין אָוונט עפנסטו אַ פענצטער אין דיין פּאַלאַץ דעם קרישטאָלענעם.
דו נעמסט אַריין די זון און לאָזסט אָפּ די לבֿנה ווי אַ ווייסע טויב.
פאַרטאָג ברענגט די לבֿנה דיר די בשׂורה אַז עס זעט זיך שוין
אַרוים די ערד.
איך וואַרט עס זאָל זיך עפענען דער תהום און אויסגערוטע פאָרן
פון געבענטשטע מינים
אַרויסגיין זאָלן אויפדאָסניי די ערד באַפעלקערן.

# מאן און פרוי

אויסגערוקט אויף נאכטיקן צעברויזטן אפגרונט הענגט א פעלדז,
ווי ער וואלט וועלן דאס צעפראלטע מויל פון תהום פארשטאפן.
און אויף זיין שפיץ פארקלאמערט זיצן מאן און פרוי.
די כוואליעס וואקסן אויס אנטקעגן פעלדז און ס׳קוקן אן זיך שטיין און וואסער,
ווי די פארמבולדיקע ברואים ווען זיי האבן אין דעם אורוואלד זיך באגעגנט,
און איינער האט נאך ניט געקענט די ציין און נעגל פון דעם צווייטן.
ביז ס׳ווארפט דער ים זיך מיט געשריי און ווערט צוריקגעשליידערט.
פאלט ווידער אן מיט ליארעם. אונטערשווענקען וויל דער תהום דעם פעלדז,
ווי ער וואלט זיין די איינציקע פארצוימונג קעגן כאאס.

און אין דער הייך זיצט מאן און פרוי, פארגראבן איינע אין די אנדערע.
דער ים וויל אויך אזוי זיך איינגראבן אין שטיין. די ליבשאפט פון דעם מענטש
מאכט ווילד פון קנאה אים, ברויזט אויף זיין צארן.
צי האט די פאר אין האלבן טאג פארטרויט דעם ים זיך, וואס וויגט איין פארליבטע הערצער,
און אויפגעכאפט זיך פון דעם צופלייץ שוין ארומגערינגלט?
צי זיינען ביידע נאקעט-הויל געשטאנען אויפן בארג —
אן אויסגעהאקטער דענקמאל,
און אין דעם אפגרונט אויך דערזען אזעלכע מירמלנע צוויי לייבער,
וואס האבן אויסגעשטרעקט צו זיי די הענט,
און מאן און פרוי געבליבן זיינען אין דער הייך פארגליווערט?

און אפשר האָבן זיי געזוכט סכּנה וואָס דערנענטערט,
ווייל זייער ליבשאַפט ווערט שוין ניט געשטילט אין ווענט אין ענגע ?
און אויסגעקליבן האָבן זיי דעם שטיינערנעם אַראָפּהאַנג —
טויט-געפאַר. דאָס האַרץ זאָל שטאַרקער קלאַפּן.
זיי ווילן הענגען צווישן לוסט און אומקום.
אַרויסרייסן פון טויט דאָס לעבן, ווי די ערד רייסט פון דעם ים
אַרויס אַ זאַמד-שוועל.
און ווען דער שוים קאָכט ביז צו זייער האַלדז, זיי שטרעקן אויס
די אָרעמס,
און איינער ראַטעוועט דעם אַנדערן. די ליבשאַפט מאָנט באַווייזן
שטענדיק,
אַז זי איז נאָך ניט אָפּגעוועלקט.
זיי הענגען אויף דעם שפּיץ. און ס׳פּרעסט דער מאַן דעם קערפּער
פון דער פרוי,
ווי ס׳וואָלט אַ מעווע אויף דעם פעלדז איר פאַנג אַרויפגעטראָגן.

און אפשר האָט די ליבשאַפט זייערע אַרויסגערופן שנאה ביי
דער וועלט ?
זיי האָבן ניט קיין היים. פאַרשטויסענע זיי ציטערן אינאיינעם.
דער תהום באַלאַגערט זיי, ווי וועלף אַ בוים וואו ס׳איז פאַרקראָכן
דער געיאָגטער.
זיי שטאַרבן אָפּ אין קוש ווי ס׳וואָלט אַרום געווען לבנהדיקע
שטילקייט.
דער אָפּגרונט לאַכט. ער ווייס: ס׳איז זייער לעצטע שעה.
די ערד האָט זיך פאַר זיי געענדיקט. ווייטער האָבן זיי ניט וואו צו גיין.

דאָך וואַרט איך אַז דער פעלדז זאָל פון דער ערד זיך אָפּרייסן.
וועט ווערן זייער וואַנדער-קריע זייער לעצטע האָפענונג.
און ווי אַ שיף לאָזט הינטער זיך אַ זילבער-שטראָם,
וועט בלייבן פון די שטראַליקע צוויי גופים אין דער נאַכט —
צוויי ליכט-וועגן.

# דער מענטש

דער מענטש, גאָט-נאַקעט אויף די ברעגן דיינע, ים,
ביסטו ניט אין זיין אומרו? כוואַליעסטו ניט, ים, אין זיינע
מוסקלען?
דו קאָכסט אין זיינע אָדערן און דיין געִרויש פאַרוויגט אים
אין די נעכט.
אין זיינע אויערן נאָך קלינגט זיין ליד ווען ער געלעגן איז אין מושל.
איצט האָט ער אויפגעבליט. זיין הויט איז סאַמעט-ווייך, אָן
הארטע שופּן.
אין זומער-צייט קומט ער צו דיר, זיין קינד-צייט זיך דערמאָנען.
ער שטייט פאַר דיר. זיין כּוח שפּרודלט. ער באַווייזט זיין לייב דיר,
דיין באַשאַפונג.

די עלנבויגנס אויסגערונדיקט קלאַפּן מעכטיקער ווי פליגל.
די ביידע העלפטן פון דער ברוסט אַנטקעגן לויפן זיך ווי כוואַליעס.
די אַקסלען אויסגעהאַמערטע. דער האַלדז געהאַקט פון מאַרמאָר.
און ווי אַ בויגן וואָס לאָזט אָפּ אַ פייל, זיין רוקן ציטערט
פון אָטעם וואָס ער שטויסט אַרויס פון זיינע לונגען.
די פיס געשפּאַנט. די קניען רייסן זיך, אין לויף מיט ווינט
זיך צו פאַרמעסטן.
און אין די היפטן רייפט דער וויין-בלוט-זאַפט פון לעבן.
די אויגן גרין און בלוי ווי ס׳וואָלט דער ים געשענקט אים זיינע פאַרבן.
די ווייסלען און די ציינער אין דעם פּנים אין דעם בראָנדזענעם
ווי שוים אין נעכט אין פינצטערע —
ווי שוים וואָס וואַרפט זיך אויף דעם נאַכט-ברעג לאַכן זיינע ציינער.

דער גוף וואָס האָט אַרויסגעפּויזעט נאָס און זומפּיק פֿון דעם אָפּגרונט,
און איז פֿאַרקראָכן אין דעם אורוואַלד, דאָרט אַ האָריקער געשווידערט,
דער גוף האָט אויסגעשיילט זיך פֿון זיין בלוטיק־רויער פעל,
ווי ס'איז זיין גאָט פֿון ליים אַרויסגעקראָכן.

ער שטייט איצט ביי זיין וויג אַ שלאַנקער. הויל. אַ ליכט־געשטאַלט
פֿון זון צונויפגעטראָפנט.
און ער פֿאַרוויגט דיך, מאַמע־ים, דו גרויע פֿישערין.
דו פֿרייסט זיך מיט דיין זון דעם אָפּגעפֿונענעם, דעם אויסגעוואַקסענעם.
און אויסגעשטעלט מיר שטייען אויפֿן ברעג ווי זיילן,
דער הימל וועלבט זיך איבער אונדז ווי אַ נצחון־בויגן,
און דורך דעם בויגן גייט די זון.

# דער אינדזל

איך קיל מיין אַנגעגליטן גוף אין ים, אין בלויער רחבות.
כ'בין פּנים קעגן פּנים מיט דער שטילקייט מיט דער רוישיקער.
איך וויג זיך מיט אין טאַנץ פון אויפגעבראָיזטן טאַנץ-ליד
פון שבט מיינעם, דעם לייכט-פיסיקן, וואָס שפּרינגט אַנטקעגן ים.

דער ווינט הייבט אויף אַ זאַמד-געווירבל אויפן ברעג,
ער לויפט ביז צו די אינדזלען און וועקט אויף די געלע פלאַנצן.
די פוילע פלאַנצן הייבן אונטער זיך, פאַרפּלאָנטערן דעם ווינט,
זיין פרישקייט זאָל אין זיי פאַרבלייבן לענגער.
נאָר ער רייסט זיך אַרויס פון זיי מיט אַ פאַרשטיפטן חוזק.

די פלאַנצן שטרעקן אויס די קעפּ און פאַלן טויט צוריק אין שליים
ארונטער.
די כוואַליעס צאַפּלען פריידיק, שליסן זיך צונויף און הוידען זיך
אַרויף-אַראָפּ,
און בלייבן מיטאַמאָל פאַרכישופט ווי אַ פרוי וואָס ווערט אליין
פאַרצויבערט פון איר וואוקס אין שפּיגל.

אויך איך בין שיכור פון דער קראַפט אין מיינע קני און עלנבויגנס.
איך שנייד די אייבערפלאַך. דער שטראָם שלאָגט פון מיין מויל.
די אויגן מיינע לויכטן דורך דעם דימענטענעם טראָפּן-שלייער —
איך שווים צום אינדזל.
דאָרט שטייען יינגלעך, אויפגעהויבן צו דער זון די אָרעמס.
זיי בייגן איין די שטערנס ביז די פוס-טריט,
ווי כהנים פאַרצייטיקע וואָס דינען צו דעם זון-גאָט.

אויך איך וויל זיין פאַרציייטיק־יונג ווי זייער מחנה.
איך שנייד די טיף און ווער אַלץ מער פון ברעג דערווייטערט.

דער אָפּגרונט צערטלט מיך מיט קילע מיידל־פינגער.
אַ פראָסט לויפט דורך מיין רוקן ביז מיין מאַרך: דער טויט
באַטאַפּט מיך.
די כוואַליע, וואָס האָט מיך געטריי געטראָגן ווי אַ קעמל־הויקער,
דרייט פלוצלונג אויס צו מיר איר קאָפּ און איך דערזע — אַ לייב.
און מיט אַ ווילד געלעכטער שרייט ער: „האַלט זיך אָן מיין גריווע!"
און ער פאַרשווינדט. און נייע כוואַליעס פאַלן אָן אויף מיר מיט שטורעם.

דער ים זעצט אָפּ זיין זאַלץ אויף מיינע ליפּן און קערט אויס
מיין אינגעווייד.
די גלידער מיינע ווערן אָפּגעליימט. נאָר מיין געדאַנק איז
לויטער ווי דער הימל:
אויף וועלכן ברעג וועט מיך דער תהום אַרויסוואַרפן?
קיין מענטש וועט אויף מיין לייב מיין נאָמען ניט דערקענען.
פון אָפּגרונט וואַקסט אַרויס אַ שוואַרצער וואַלד.
צי בין איך שוין אין קעניגטום פון די געשטאָרבענע?
אַ לעבן־לאַנג געראַנגלט זיך און איצט — — —
איך זינק. און הער אַליין פאַרשטאַרט מיין שרעק־געשריי.

נאָר אומגעריכט דערהער איך שטימען און עס שווימט אַרויס
דער אינדזל.
און איך דערזע דעם שוואַרצן אויסגעדאַכטן וואַלד — די יינגלעך.
זיי פאָכן מיט די הענט ווי צוגעשוואומען וואָלט אַ שיף מיט
ווייסע זעגלען.
און מיט געיובל וואַרפן שלאַנקע גופים זיך אין וואַסער.
זיי פלעכטן אַרום מיר אַ נעץ און לאַכן ווי מיין רוף וואָלט זיין
אַ שפּאַס אַ יינגלשער.
זיי גלייבן מיינע כּוחות. און איך וואַרף פאַרויס זיך מונטער,
און גרייך מיט זיי אינאיינעם צו דעם ברעג דעם גרינעם.

דער אינדזל ברענט ווי ס'וואָלט די שקיעה ניט אַראָפּ אין תהום,
נאָר שווימט אום אין אַ קרייז פון פייער אויף דעם כוואַליקן אין־סוף,
און ס'נעמט אַרויף צו זיך די שקיעה ווי די ערד מיין גאַנצן שבט.
און אַ געזאַנג פאַרהילכט די לופט:
די אוראַלטע פאַרשווּנקטע וועלט וואָס האָט געלאָזט נאָך זיך
בלויז אַ לעגענדע,

ווי גאָלד־גלאַנץ אויפן וואַסער,
איז איצט אַרויפגעשוואומען.

ברעטאָן, 1947

# די „יונגפרוי״ פון בערנער אייבערלאנד

איר אוראַלטע אָפּגרונט-געשמידטע טיטאַנען,
איר האָט אויפגעריסן דעם בויך פון דער ערד,
איר האָט איבער וואָלקנס געלאָזן זיך שפּאַנען,
געשטורעמט אַרויף ווי באַפליגלטע פערד.
ביז גאָט, אַ דערשראָקענער פון אייער שטייגן,
האָט אייער מרידה פאַרשטיינערט אין שווייגן.

איר באַרג-שפּיצן, פעלדזיק-געטורעמטע ברידער,
די אייביקע „יונגפרוי״ האָט מיך פון דער נידער
גערופן. האָב איך אָנגעגורט מיינע לענדן.
איך וויל אַז איר זון-פאַרגאַנג זאָל מיך צעגליען,
איך וויל אַז איר ליכטיקייט זאָל מיך פאַרבלענדן,
איך וויל אַז איר אייז זאָל מיין אומרו פאַרציען.
איר קאָפּ — דער קרישטאָלענער גלאָק פון מיין לעבן —
געהערט האָב איך קלינגען ביינאַכט אין מיין שלאָף.
וויל איך איצטער דורכרייסן אַלע געוועבן
וואָס האַלטן פאַרנעפּלט איר קאָפּ אין אין-סוף.

די טונקעלע וואָלקנס, פאַרשוואַנגערט מיט שלאַקסן,
בין איך שוין אַריבער. די נעפּלען אַריבער.
אָט איז זי די יונגפרוי! עס ליגט צוגעוואַקסן
דער „שוואַרצער מאָנאַך״ צו איר בויך און אין פיבער
ער זויגט פון איר נאָפּל. די פיס אירע הענגען
אין תהום. אויף איר פּנים דעם רואיקן שטרענגען
צעגיסט זיך דער פורפור פון זון-אונטערגאַנג.
אַריבער איר שטייט מיט זיין נאַקעטן שאַרבן
דער „רויטהאָרנגלי״. און אין פעלדזן-געדראַנג
דער „ווילדהאָרן״ ברענט מיט פאַרנאַכטיקע פאַרבן.

ער זעט, ס׳ציט די יונגפרוי איר האַלדז אויס אַזוי
ווי זי וואָלט געוואָלט צו דעם רויטהאָרן גרייכן.
און ווילדהאָרן תּאווהדיק קוקט אויף דער פרוי,
וואָס האָט אויף איר האַלדז ניט פון אַלטקייט קיין צייכן.

מיין יונגפרוי, מיין יונגפרוי, דיין זינדיקע שוים
געוועזן איז אַ קבר פאַר דיינע געליבטע.
נאָר דאַן ווען דו גייסט פון די כמאַרעס אַרויס —
פון אונטער די קליידער די לויז־אויפגעקניפּטע —
דו שמייכלסט שוין ווידער און אומשולדיק־בלענדיק
פאַרבלייבסטו אויף שטענדיק, אויף שטענדיק, אויף שטענדיק.

ביים אויפשטייגן מיינעם אַ קראַ האָט געקראַקעט,
געוואָרנט מיך, איך זאָל מיין האַרץ ניט פאַרטרויען
דער יונגפרוי וואָס ליגט אין די אַלפּן הויל־נאַקעט,
ווייל זי איז די גרויזאַמסטע פרוי צווישן פרויען.
נאָר איך בין פאַרבלענדט פון דיין שוימיקער ברוסט,
און איבער די תהומען איך שפּרייז צו דיר מונטער,
פאַרשרפעט בין איך פון דיין פראָסטיקער לוסט.
דו קוקסט קאַלט־פאַרשייט ווען איך גליטש זיך אַרונטער,
ווען איבער שיפּועס אַן אָנשפּאַר איך זוך —
איך וועל דיך דערגרייכן! דו וועסט מיך ניט טייטן!
איך ריים פון דיין לייב שוין די שנייאיקע טוך,
איך גראָב זיך אַריין אין דיין גוף דעם פאַרשנייטן.
דערקריכן וועל איך אויף די הענט, אויף די קני,
און אין דיין פאַרבאָרגנסטן אָרט דיך דערקענען.
און נאַכטהאָרן, ווילדהאָרן, רויטהאָרנגלי,
דערצאָרנט פון קנאה און לוסט וועלן ברענען.

# די געטער פון וואַליס

הויכבאַרגיקע געטער, איר ליגט אויף צעפינקלטע בעטן,
די אָרעמס אַהינטער די קעפּ, די געזיכטער צום הימל,
און קוקט ווי אין מילך־נעפּל באָדן זיך אייערע געטינס.
און פּאַלט אייער בליק מיט אַ שמייכל פון זוניקן דרימל
אויף דערפער וואָס ליגן ביי אייער צופוסנס פּאַרטוליעט,
צעפּראַלט איר די מיילער אַריבער דעם תהום און לאַכט ברויזיק.
דער אָפּהילך פון אייער געלעכטער אין אייבערלאַנד הוליעט,
און קראַכט אין דער נידער אַרונטער מיט דונער און חוזק.

מיט זילבערנע הערנער איר שטויסט זיך פון פּאָרנט, פון הינטן,
איר טרייסלט די ערד — ביז אַ באַרג אויף צוויי טייל ווערט צעשפּאָלטן.
עס גליטשן זיך אויס אויף זיין אָפּרים אַפילו די ווינטן,
זיי האַלטן זיך קוים אָן זיין באָרד און זיין שטיינערנעם קאָלטן.
אָן האַס און אָן בייזקייט, מיט פריילעכע יונגע געמיטער,
איר רייסט אויס אַ וואַלד און אַ פעלדז אָן אַ פעלדז איר צעשמעטערט.
ביז אייך ווערט דערעסן די שרייאיקע שטים פון געוויטער,
דאַן ציט איר זיך אויס און שלאָפט איין, אויסגעשטורעמטע געטער.

און דער וואָס האָט אָפּגעטיילט זיך פון דער מחנה באַזונדער,
און קלעטערט אַליין העכער אַרויף מיט אַ פּראָסטיקן אָטעם,
און שטייט ביי דעם ראַנד פון די אָפּגרונטן קינדיש־פאַרוואונדערט —
דערזעט מיטאַמאָל ווי עס ווינקט צו אַ באַרגיקער גאָט אים.

# אַלץ העכער אַרויף

אין שטאָט האָבן מענטשן דערלאַנגט מיר אַ נאַקעטע האַנט,
און זייער פֿאַרגנבעטער שמייכל פֿאַרסמט האָט מיין איטלעכע רגע,
האָב איך זיך פֿאַרליבט אין דעם איינזאַמען וואַנדערן דורך אַ פֿרעמד לאַנד,
אַזוי ווי אַ קאַטשקע אַ ווילדע, וואָס קומט ניט צו נאָנט צו די ברעגעס.

אַ פֿליין, איינגעקאַרבט צווישן שטיינער רויט־קופּערנע, האָט זיך צעגרינט,
דאָס גראָז איז מיט געל און מיט ברוין פֿון דער סטאַדע באַשפּרינקלט.
נאָר איך וויל אַרויף צו די נעסטן פֿון האָגל און ווינט,
אַהין וואו אַ גילדערנער דאַך אויף אַ בלענדיקן אייז־פּאַלאַץ פֿינקלט.

איך קלעטער. דער שניי שפּאַרט אַראָפּ און די סאָסנעס מיט שפּיציקע קעפּ
פֿאַרעקשנטע שפּאַרן אַרויף. צו אַן אָפּרים זיי זיינען דערקראָכן —
און ווערן אַרונטערגעשליידערט. און אויף די גראַניטענע טרעפּ
אַ נאָדל־בוים ליגט אין אַראָפּפֿלייץ פֿון וואַסער צעבראָכן.

אַ פֿעלדז קוקט אַרונטער אויף מיר און אַ ספֿינקס איז זיין קאָפּ.
אויף שטיגן, געהאַקט אין זיין לייב, קריך איך העכער און העכער.
ביז איך קוק אויף אים ווי אַ גליאַיקער זיגער אַראָפּ,
און העכער פֿון מיר פֿרירט דאָס גראָז שוין — אַ ווייסער געפֿערלטער פֿעכער.

אין אונטערלאַנד גייט איצט אַ וואַרעמער רעגן פריש־מייאיק.
נאָר דאָ אויף די הייכן פאַלט שטיל און געדיכט נאָך דער שניי.
אַרויפגעבראַכט האָב איך מיין האַרץ וואָס איז וואָלקנדיק־בלייאיק,
איך וויל דאָ דערהערן דעם ווידערקול פון מיין געשריי.

אין קאָפּ רוישט ווי קוואַלן וואָס ברעכן אַרוים פון די שפּאַלטן,
און אַלע געשליפענע שפּיצן ווי ליכט פון דעם שניי־שבת ברענען.
מיין שאָטן ליגט שטיל אין דעם ווייסן אין־סוף דעם צעשטראַלטן,
אין שניי־שפּיגל וויל איך מיין אמתן פּנים דערקענען.

# די פרוי מיט איר קינד
# און די בארג־ריזן

אַ פרוי שטייט מיט איר קינד און דריקט זיך צו אַ פעלדז אַ נאַקעטן.
דאָס יינגל וואַרט, באַלד וועלן זיך אַרויסשיטן פון שפּאַלטן
קאַרליקעס ווייס-בערדיקע,
און פריילעך פלעכטן אַרום אים אַ טאַנץ ווי אין די וואונדער-מעשיות
פון דער מאַמען.

נאָר אויפן פּנים פון דער פרוי אַן אַנדער חלום לויכט: אַ ריז
איז פון אַ הייל אַרויסגעקראָכן.
ס׳איז נידעריק זיין שטערן. קאַנטיק-שווער זיין קינבאַק און
דער פראָסט פאַרשטומט האָט זיינע ליפּן.
דער רוקן פון דעם באַרג טיילט אָפּ אים פון דער פרוי — די קליינע
זילבערנע געשניצטע פרוי.
זי קוקט אויף אים מיט צוטרוי און מיט פרייד, ווי ער וואָלט זיין
איר רעטער.
זי איז צו אים אַנטלאָפן — אומצוברעגנגען גרייטן זיך איר קינד די
מענטשן.
זיי גרייטן זיך שוין ווידער אויסצושעכטן.

דער ריז דער האַריקער רייסט אויף זיין מויל און טוט אַ וואָיע,
ווי ס׳וואָלטן די באַשעפענישן די פאַרשטיינערטע צוריק
באַקומען לשון.
דער יאָמער רופט אַרויס פון די באַהעלטענישן אַלע ריזן.
זיי קוקן פון די באַרג-שפּאַלטן: ווער האָט אַהער אַרויפגעבראַכט
דעם יאָמער פון די טאַלן?
אַט וועלן זיי אַראָפּשטופּן די אייז-גלעטשערס אויף די ישובים!

דערזעען זיי די מוטער מיט איר קינד. מיט טרויעריקער ליבשאַפט
קוקן זיי אויף איר ווי אויף אַ שוועסטער.
און זיי פאַרקריכן אויף די שניי-געלעגערס. רוקן אַרום זיך צונויף
די בערג.
מען זאָל ניט שטערן זייער חלום אונטער די געוועלבטע דעכער
פון דעם הימל.
און אויך די מוטער מיט איר קינד פאַרשווינדט ווי ס'וואָלטן זי
די ברידער אין אַ הייל באַהאַלטן.

בלויז איך אַליין בלייב אויפן באַרג. דער שרעק וואָס יאָגט מיך
אין דער נידער וואַקסט דאָ אויס נאָך גרעסער.
וואָלט איך געווען דער פאַסטעך-יונג וואָס זומערט אין דער הייך
אין שניי און שטורעם,
און מיט זיין בלאָז-האָרן פון רויטן האָלץ רופט ער צונויף די קי
וואָס קלינגען מיט די האַלדז-גלעקער אין נעפל —
וואָלט ניט געוויינט אַזוי מיין האַרץ פאַר שרעק.

די זון גייט אונטער און די אַלפּן-שפּיצן גליען.
דאָס קלויסטערל אין דערפל רופט צו דעם פאַרנאַכטיקן געבעט.
די שטילקייט האָרכט פאַרגליווערט.
די סאָסנע-וועלדער הויערן. אין זייערע געדיכטע קעפּ האָט זיך
די נאַכט פאַרבאָרגן.
די פעלדזן גייען איצט אויף מיר מיט פינצטערניש אַרומגעפּאַנצערט.
און איך טרעט אָפּ צוריק אין טאָל וואו די ישובים ציטערן מיט
טויזנט פלעמלעך אָנגעצונדענע,
ווי טוי פאַרטאָגיקער וואָס פינקלט אויף אַ שפּינוועבס.

# א נאכט אין לוצערן

איך בלאַנדזשע דורך די געסלעך פון לוצערן. אויף פאַסאַדן<br>
אַרויסגעשלאָגן האָבן ווי אַ פיבער די פאַרצייטיקע געמעלן.<br>
די ריטער ביי די אויפגעשוימטע קרוגן זינגען העלדישע באַלאַדן,<br>
און ביי די צעכן־מייסטער אין די אויגן די לעגענדעס העלן.

אויף בריקן הילצערנע, באַדעקט מיט רויטע שינדלען,<br>
קריכט אָפּ פון אייל־בילדער דער רום פון אויסגעראַנגלטע קאַנטאָנען,<br>
ביז די אכזריות פון די שלאַכטן נעמט מיר פאַר די אויגן שווינדלען —<br>
פאַרוועלקט איז לאַנג די פרייהייט אויף די פילקאָלירטע<br>
שווייצער־פאַנען.

אַוועקגעגאַנגען זיינען שוין די לעצטע צוגן.<br>
איך האָב געבענקט נאָך איינזאַמקייט — איצט האָב איך זי געפונען.<br>
פאַרטויבט בין איך פון די געשרייען וואָס די ריטער אויף די<br>
וואַנט־געמעלן שרייען ביי די אויפגעשוימטע קרוגן,<br>
און גאָר דאָס שפינוועבס פון די אַלטע פעסטונגען האָט מיך<br>
אַרומגעשפונען.

דאָרט אויף דעם שטאָט־פלאַץ אַ פאַרמירמלטער שטייט<br>
פרידריך שילער.<br>
און אויף די שניי־בערג שטייט ווילהעלם טעל מיט אַ געשפּאַנטן<br>
פיילן־בויגן.<br>
זיין שאָטן פאַלט אַרונטער אין דער אָזערע. דער שטראָם גייט<br>
טונקעלער און שטילער.<br>
און אויף דעם שטאָט־פלאַץ שמייכלט שילער מיט פאַרטרוימטע אויגן.

דער שניי פון דעם פילאַטוס האָט ביי־טאָג מיך דורכגעפראָסטיקט.<br>
די פרייד פון זיין אַליין האָב איך געזוכט ווי אין די בערג אַ קוועלכל.<br>
נאָר די פאַרלאָזנקייט האָט מיינע ביינער דורכגעראָסטיקט<br>
ביינאַכט אין אַ פאַרגעסענעם האָטעלכל.

די טיר און פענצטער אין מיין צימער לאָז איך אָפן,
דער ווינט מיט זיי זאָל סקריפען און מיר זאָל זיך דאַכטן — עמעץ
איז אין הויז.
איך בין פאַרשיכורט פון מיין איינזאַמקייט, זי לאָזט מיין קראַנק
געמיט ניט שלאָפן,
און ווי איך וואָלט געווען אַ טאָפּלטע געשטאַלט, שטייט איינער
אויף און גייט אין נאַכט אַרום.

אין צימער בלייבט דער אַנדערער וואָס טראָגט מיין נאָמען
און מיין פּנים.
און ווער בין איך? איך ווייס ניט ווער איך בין און ווי איך הייס.
איך האָב געשלעפּט אַ פרעמדן פּרצוף, איצטער האָב איך
אויסגעטאָן אים,
גלייך ווי אַ העמד וואָס איז צעקנייטשט און דורכגעווייקט פון שווייס.

איך שלייך זיך דורך די גאַסן. כ'וויל דעם תּענוג פון פאַרגעסנקייט
דערשפּירן.
איך וויל געפינען מיין אַמאָליקע געשטאַלט. מיין עלנטקייט
זאָל מיך פאַרפירן
צו יענער טיפער איינזאַמקייט וואָס ציטיקט אוים געדאַנקען נייע;
איך וויל אַ גייער זיין וואָס לעבט פון אַלעמען פאַרהוילן,
און ווען מען פרעגט אים עפּעס ענטפערט ער מיט אַ העויה,
ווי ער וואָלט זיין אַ שטומער אָרעמאַן וואָס זיינע בגדים פוילן.

# וויאמאלער אַפּגרונט

פֿאַרבלאָנדזשעט האָב איך אין אַ געגנט וואו ס׳גרייכט ניט אַפּילו
קיין ווידערקלאַנג פֿון דעם געוויטער,
און נאַקעטע שטאַרן צום הימל צוויי פֿינצטערע ווענט.
צוויי פֿינצטערע ווענט ווי דער אייביק־פֿאַרגליווערטער ייאוש —
און איך צווישן זיי בין דער דריטער,
דאָ האָב איך מיט איינמאָל מיין אייגענעם טרויער דערקענט.

צי זיינען עס רעשטלעך פֿון ניט־איינגעגעבענע וועלטן
וואָס זיינען דאָ איבערגעבליבן? באַדעקט מיט צעקנאָדערטע גראָזן,
די ברוכשטיקער רייסן פֿונאַנדער די בלויע געוועלבטע געצעלטן,
אויף הפקר און שאַנד האָט זיי זייער באַשעפֿער דאָ איבערגעלאָזן.

דער גיהנום דאָ פֿאַרעט אַרויס פֿון דער אָפֿענער ערדענער וואונד.
און איבערן תהום הענגט אַ פֿעלדז מיט דריי ציין ווי אַ שד מיט
אַ שטיינערנעם גאָפּל.
ס׳ווערט ענגער און שמעלער דער שפּאַלט אין דער טיפֿעניש.
נאָר אויף זיין גרונט
קריכט אַ שטראָם — אַ געל־הויטיקער שלאַנג בייסט זיך איין אין דעם
ערדענעם נאָפּל.

איך לאָז זיך אַראָפּ אויף די וואָרצלען וואָס שפּאַרן אַרויס פֿון דער
וואַנט,
אַזוי ווי גלעלענקען פֿון הענט אָפּגעדאַרטע. איך קריך אַראָפּ טיפֿער
און טיפֿער.
אָט דאָרט אויף דער אַנדער זייט ברעג איז די רו פֿון ניט־דאָיִקן לאַנד,
באַלד קומט אָן די שיף פֿון יענוועלטיקן ברעג און אַ וואונק טאָן
צו מיר וועט דער שיפֿער.

אַלץ טיפֿער פֿאַרזינק איך אין ערד־שפּאַלט, ביז איך ווער פֿאַרוואַקסן
מיט שליים.
נאָר ווייט אויף די שניי־בערג גייט אונטער די זון פֿראָסטיק־פֿלאַמיק.
איר אָפּשיין וואָס פֿאַלט אויף די ווענט רופֿט און מונטערט און
וועקט מיך געהיים,
און אַנגסטיקער שווידער באַפֿאַלט מיך פֿון שלאַנג וואָס צופּוסנס מיר
קריכט געלבלעך־סמיק.

איך הייב אויף די אויגן: עס רוקן די ווענט אַרום מיר זיך צונויף.
זיי בייגן אויף מיר זיך אַריבער. באַלד וועלן זיי מיך אין דער
פֿינצטער פֿאַרשליסן.
איך קלאַמער זיך איין אין פֿאַרטריקנטע פֿלאַנצן און קלעטער אַרויף
פֿון תּהום און פֿון שליים וואָס באַדעקט האָט מיט קרעץ מיין געווייסן.

איך רייס זיך אַרויס פֿון די ערדענע הויקערס. איך אָטעם די רחבֿות
פֿון פֿליין.
און זע, ס'טראָגט אַ באַרג אויף די אַקסל אַ באַרג ביז אַרויף אין דער
קאַלט־בלויער ווייט דאָרט.
איך שפּרייט אויס די אָרעמס: איר באַרג־ריזן, פֿראָסטיק און ריין,
ווען איר האָט אין טויט־שלאַכט זיך איינע די צווייטע
אַרונטערגעשליידערט,
האָט איר דעם געפֿאַלענעם ניט אויסגעצויגן קיין האַנט,
און מיט אַ געלעכטער זיך אויף זיין צעקרישלטן לייב אָנגעבויגן.
נאָר מיר, דעם פֿאַרלוירענעם מענטשן ביים נאַכטיקן ראַנד,
האָט איר אַ געאַדערטע פֿעלדזיקע האַנט אויסגעצויגן.

# דער גאָטהארד

אַ גרויסער כּישוף־מאַכער אין די אַלפּן נייע וועלטן נאָכאַנאַנד שאַפט,
צעשטערט זיי ווידער און האַלט שטענדיק אין איין איבערמאַלן
מיט גאָלד און גרין און בלוי די נעפּלדיקע לאַנדשאַפט,
און מיט זיין פאַרבן־קעסל שוועבט ער אויף אַ וואָלקן דורך די טאָלן.

דאָרט אויף די גלעטשערס ברענט די זון אין פינקלדיקן אייז,
און כמאַרעס מחנותווייז אין שניי זיך טובלען קומען.
די וועלדער האָריק־גרינע דרייען אַרום מיר זיך אין אַ קרייז.
אין די געבערג איז ערב פרילינג. ס׳יובלען קראָקוס־בלומען.

צום הימל קריכט אַ באַרג, געשפּאָלטן מיט צוויי רוקנס.
ווי ס׳וואָלט פאַרוים געריסן זיך אַ צוויי־געשפּאַן פון פערד,
נאָר איבער אים די בערג צוזאַמען ענג זיך רוקן,
ער זאָל ניט אין דער הייך אַרויפשלעפּן די ערד.

ס׳איז אַרום מיר אַן ערד־געווירבל אַ צעכוואַליעטער אין אַלע זייטן,
די בערג מיט פויסטן שטיינעריקע גייען אין געשלעג,
זיי גייען איינער קעגן אַנדערן אין דונערדיקע שטרייטן,
אויף איינעם פינצטערן די נעכט און אויף דעם צווייטן בלענדיקן
די טעג.

און אונטן ליגט די אָזערע ווי האַרטער שטאָל געשליפן,
די טורעמדיקע פעלדזן גליוורען אַרום איר שפּיגל,
באַלד וועלן זיי זיך אָפּרייסן, אַ פלי טאָן איבער אירע גרויע טיפן,
אָזעלכע ערדענע כימערעס. פייגל־אומגעהייערס מיט באַגרינטע
פליגל.

די טאָלן וויקלען זיך. ווי קינדער באָרוועסע און פריידיק לויפן אָן
אַנטקעגן מיר די וועגן.
דער צוג גייט איבער אָפּגרונטן. די הימלען דרייען מיט זיך בגלופין.
די קוואַלן פון די באַרג־שפּאַלטן אין פּנים שפּרינגען מיר אַנטקעגן,
גלייך ווי זיי וואָלטן פון מיין ברוסט אַ קוואַל גערופן.

דער גאָטהאַרד גייט מיר נאָך, דער גאָטהאַרד! און איך קוק
פאַרגאַפט:
סוואָוואַראָוו אויף אַ פערד אַ שטיינערדיקן שטייט דאָרט אויף
די אַלפּן.
אַהינטער אים חילות שטורעמען מיט אויפגעיווירטער קראַפט,
און אין דער שטילקייט פייפט דער ווידערקלאַנג פון לאַנג
פאַרהילכטע זאַלפּן.

דער באַרג איז ווי מיט אָדלערס שרייאיקע באַלאַגערט מיט אַרמייען,
די לופט איז פון באַגנעטן בלוי, מיט גסיסה־קרעכץ, הורא־געשריי.
פאַרויס סוואָוואַראָוו מיט אַ שטאָל־געהאַרטעוועטן בליק —
ווי ס׳וואָלטן זיך די רוסן, איינגעפראָרן אין די טיפע שנייען,
אַרויסגעבראָכן איצט אין זון־געשמעלץ פון אייז און שפּאַנען
אויפן „טייוול־בריק”.

ס׳ווערט פינצטער מיטאַמאָל. דער צוג דרייט זיך אין אַ טונעל אַריין,
אין חשכות צינדט זיך אָן אַנטקעגן מיר אַ ליכט.
אַ פרוי אַ מאָגערע, אַ בלייכע קוקט אין מיר זיך איין,
און ס׳ליגט דער שניי פון אַלע בערג אויף איר געזיכט.

זי לייגט אַרויף איר האַנט מיט ליבשאַפט אויף מיין אַקסל:
„מיין זון, איך וואָלט געהאַט פון דיר איצט נחת. פון די
הינטערהויפן
דו פאָרסט אַ וועלט אויס און דו ביסט קיין עין־הרע אויסגעוואַקסן —
איז זוכסטו גאָר פון מענטשן צו אַנטלויפן?

ווי קינדווייז ווען דו פלעגסט צעדראפּן זיך אריבער פּלויטן
קריכנדיק אויף עפּל־ביימער,
ביסטו אצינד פארקראכן צווישן בערג. און ווי געריררט פון זינען
דו זוכסט א וועלט אהינטער זיי. נאר ווי מיר, ווי מיר,
אז דו האסט זיך אליין פארלארן, וואס זשע קענסטו שוין געפינען?״

פארסאפּעט רייסט די באן זיך פון טונעל ארויס,
און ווידער גייט מיר נאך א בארג, איך הער זיין ווייט פארהוילענעם
געהילך,
ער ווינקט צו מיר, דרייט אוים צו מיר זיין וואלקנדיקע שויס,
און שטראמען רינען פון זיין ברוסט ווי מילך.

א ווייסער נעפּל שניידט אים איבער אינדערמיט,
דאן נעמט זיין קאפּ באזונדער אינעם הימל ווי אן אינדזל שווימען.
ער שווימט אריין אין מיין קאלט־טייכיקן געמיט,
און זיינע זילבער־הארנס רופן מיך מיט שטורעמדיקע שטימען.

# לאגאָ מאדזשאָרא

ביי דיינע ברעגעס קומען שטאַרבן דיכטער.
אין שפּיגל דיינעם, אין דעם וואַרעמען צעשטראַלטן,
דערזעען זיי צום ערשטן מאָל אין לעבן די געזיכטער,
וואָס האָבן זיך פון זיי באַשטענדיק אויסבאַהאַלטן.
זיי שווימען צו, די פּנימער, צום ברעג ווי לאַנג-דערטרונקענע,
מיט שטומער שטוינונג ווי אַרויפגעטויכטע פיש זיי גאַפן.
נאָר די פּאָעטן גליווערן מיט אויגן תּהום-פאַרזונקענע,
זיי ווילן קיין געשטאַלטן ניט באַשאַפן.
זיי זיינען שוין צו מיד דעם גייסט אין קערפּערס צו פאַרקנעטן,
און ס׳וואַנדערן פאַרביי זיי די געשטאַלטן, הויל אָן גופן.
פאַרסודעט שמייכלען די פון טויט-געפאַנגענע פּאָעטן,
ווייל זיי נאָר הערן די אידייען רופן.

איך בין אַראָפּגעקומען פון די שניי-בערג אין טעסינער טאָל. לאַקאַרנאַ
האָט אויפגענומען מיך מיט אירע וואַסערן די קלאָרע.
איך בין געקומען ווי אַ צפון-וואָלקן שווער און כמאַרנע,
נאָר אויסגעלייטערט האָט מיין שווער געמיט סאַן-סאַלוואַטאָרע.

דערציילט מיר האָבן די נאַכט-תּאַווהדיקע איטאַליענערינס די פרומע :
אַ הייליקער איז פון דעם באַרג-אינדזל אַרויף אין הימל.
נאָר איך דעם אמת ווייס, אַ גאָט איז פון די בערג אַראָפּגעקומען,
און אויף די כוואַליעס פון מאַדזשאָרא איינגעדרימלט.
די וואַסער-פלאַנצן האָבן אים פאַרוואַקסן. קוקט ער אַ פאַרכישופטער אין שפּיגל,
און קען זיך ניט אַוועקרייסן. וואָס לאַכסטו שיינע איטאַליענערין?
אויך דיין אָפּבילד איז אין מיין האַרץ ווי סאַלוואַטאָרע אין דער אָזערע פאַרזיגלט,
מיין טרויער צו פאַרשענערן.

לענג־אוים דעם ברעג בין איך געקומען קיין לוגאַנאָ.
איך האָב געזען אין שטאָט־גאָרטן דורך דעם געצווייג, ווי דורך
געדיכטע תּפיסה־גראַטעס,
דעם זון־פאַרגאַנג. און אַ פאַרשאָטנטער בין איך געשטאַנען
ביים וויסן דענקמאָל פון פאַרגליווערטן סאָקראַטעס.
דער סם־בעכער איז מיט זיין האַנט אַראָפּגעזונקען,
נאָר פון זיין שטערן האָבן קלאָר און שטרענג געלויכטן אייביקע
געדאַנקען.
איך האָב די רו פון זיין פאַרמירמלטער געשטאַלט געטרונקען,
ביז איך דערפילט האָב מירמל אין מיין גייסט דעם קראַנקן.

אַצינד איז נאַכט. איך זיץ ביים וואַסער פון אַסקאָנאַ.
איך האָב געזוכט אַ שטומען ווינקל וואו דער מענטש פאַרגעסט
זיין קול,
איך זאָל דערהערן אַלע פיבערן פון מיין נשמה.
אַצינד איז נאַכט. איך הער די שטילקייט פון טעסינער טאָל.

די כוואַליעס אין מאַדזשאָרא הוידען זיך און סודען זיך און קומען
צו די ברעגעס.
מיט אַ פאַרטייעטן געמורמל קילן זיי מיך, קושן מיך, דערציילן
ווי פעכיק־שוואַרץ די נאַכט איז און ווי בלייאיק־שווער דער וועג איז,
דאָך זיינען זיי געקומען אַלע מיך צו היילן.

זיי לעקן מיינע פיס. לבנות פון די מיילער זייערע זיך שוימען.
די מידקייט פון מיין מוח טראָפּנט אוים ווי בליי — אַ טראָפּן
נאָך אַ טראָפּן.
די זון גייט אויף. די גרינע פאַלמען אומבאַוועגלעך טרוימען,
און שניי־בערג קאַלט און בלענדיק הויערן ביי זיי צוקאָפּן.

# די בערג שווימען

ביינאַכט, ווען איך מאַך צו די אויגן, מיט ליכט אָנגעזעטיקט,
און וויל
פון שניידיקער בלענדיקייט אָפּרוען מיינע שוואַרצאַפּלען,
דאַן טויכן אַרויס פון מיין שלאָף ווי פון בלויען אין־סוף אין דער שטיל
די שניי־בערג. און אויפן געפרוירענעם מילך־וועג זיי שטאַפּלען
אַלץ העכער אַרויף, און אַן ווערטער, אַן שטימען,
זיי זינגען פאַרטרוימט אַ פאַרהוילענעם הימען
פון גליקלעכע אינדזלען וואָס שווימען.

באַהאַנגען מיט אייז־גרינע לאָקן ביז זייערע פעלדזיקע רוקנס,
מיט כמאַריקע ברעמען און ווינטיק־געקאַרבטע געזיכטער,
זיי ציען פאַרביי מיר און מלכותדיק־שטייף אין מרחקים זיי קוקן,
באַלויכטן פון בלויע האַלב־נאַכטיקע ליכטער.

אַ באַרג רוקט זיך אָן, וואַנדערט איינזאַם אַוועק, און נאָך אים
קומט אַ צווייטער,
ער פינקלט מיט פּראַכטיקע שטערן אַריין אין מיין חלום.
זיין וואַלדיקע באָרד איז מיט זילבער פאַרשפּינט. און מיט שטילקייט
און ווינט אַ פאַרווייטער
ער זינגט. און אַ קוואַליקע פרייד איז זיין שטומער פאַרבאָרגענער
קול אים.

מיט רואיקן שפּרייז גייט אַ גרייז נאָך אַ גרייז אין די קרוינען פון אייז,
אין נעפּלען פון קאַלטע ברילִיאַנטענע פלאַמען.
דורך נאַכט שטילערהייט שוועבט אַ באַרגיקע קייט ביז די הימלען
פאַרשנייט,
און וואַנדערט אַריבער געפרוירענע ימען.

און ס'ווערט האַלבע נאַכט אין די בערג אַזוי שטראַליק,
אַז כ'שפּרינג פון געלעגער אַרונטער. איך וואָלט איצט האַלב-נאַקעט
אַרויף אויף די הייכן וואָס וויגן זיך סודותדיק-כוואַליק,
און איינגעהערט זיך צו דעם קול דממה דקה.

מיין שניי-ליד, מיין ליבשאַפט מיין אייביק-געזוכטע,
איך וויל אויף דיין באַרגיקן פייער אַרויף, אויף דיין בלויען
פאַרגליווערטן שייטער,
און טראָג מיך אַהין וואו עס גייט אויף מיין לאַנד דאָס געדוכטע,
פאַרטראָג מיך אַלץ ווייטער און ווייטער.

שווייץ-פּאַריז, 1948

# די צוויי ווייסע ראָבן

און אליהו האָט געזאָגט צו אחאבן אַזוי:
„ווי ס׳לעבט דער גאָט וואָס איז מיר בייגעשטאַנען,
אויב יאָרן־לאַנג וועט רעגן גיין און פאַלן טוי
אין שמרון און אין גאָר דיין קיניגטום. ביז וואַנען
איך וועל באַפעלן עס זאָל גיין דער רעגן.״

און גאָט האָט אים געזאָגט: „קיין מזרח גיי פון דאַנען.
באַהאַלט זיך ביי דעם טייכל כרית וואָס איז ביים ירדנס ברעגן.
איך האָב פאַרזאָגט, די ראָבן זאָלן ברענגען דיר צו עסן.
און טרינקען זאָלסטו פון דעם טייכוואַסער, דיין דאָרשט צו שטילן.״

און אליהו איז ביים טייכל כרית געזעסן,
ווי גאָט האָט אים געהייסן און עס איז געווען זיין ווילן.
און שוואַרצע ראָבן צוויי אים האָבן אינדערפרי געבראַכט
זיין ברויט און פלייש. און ברויט און פלייש געבראַכט אים
אויפדערנאַכט.

און ער איז דאָרט געזעסן אין זיין טרויער איינגעגראָבן,
ביז אויסגעדראַשן האָט דער ווינט די לעצטע זאַנגען.
געוואָרן זיינען וויים פון צער די שוואַרצע ראָבן,
און אויף דעם גורל פון דעם מענטשן ביטער זיך פאַרגאַנגען.

און גאָט האָט אויך דאָס טייכל אויסגעברענט.
און אליהוס ליפּ געוואָרן איז פון דאָרשטיקייט צעשפּאָלטן.
נאָר ער האָט ניט זיין פּנים צו זיין גאָט געווענדט,
צו בעטן פאַר דער שטאָט וואָס ער האָט זי פאַרשאָלטן.

און גאָט האָט אים געזאָגט: „קיין צרפת זאָלסטו גיין.
איך האָב פאַרזאָגט אַן אָרעמע אלמנה דיך צו שפּייזן."
איז ער אַוועק. און דורכן געלן מדבר־זאַמד געגאַנגען באָרוועס און אַליין.
און נאָר די ראָבן האָבן נאָכגעפליגלט אים אין קרייזן.

זיי האָבן מיט די שנאָבלען זיך די פעדערן געשאָבן,
און באַרעמהאַרציקייט געבעטן מיט אַ וויסט געשריי.
נאָר ער האָט אָפּגעקערט זיין פּנים פון די ראָבן,
וואָס זיינען אויך פון צער געוואָרן ווייס ווי שניי.

# דער זון פון דער אלמנה

— „אלמנה, וואָס וויינסטו?" — „אָ, טויט איז מיין קינד!
איך האָב דיך געשפייזט, פון דיין פיינט דיך באַהאַלטן.
האָסטו אָפּגעפונען פאַר גאָט מיינע זינד,
פאַרברענט איז מיין זון אין דיין ליכט דעם צעשטראַלטן."

— „אלמנה, ניט וויין און דיין זון מיר פאַרטרוי."
און ס'טראָגט אליהו דאָס קינד דאָס פאַרשטאַרטע
אין דאַך־שטוב צו זיך וואו ער וואוינט ביי דער פרוי,
און לייגט אים אַוועק אויף דער שלאָפבאַנק דער האַרטער.

און ס'ציט אויף דעם קינד אליהו זיך אויס,
מיט אויגן צו אויגן און שטערן צו שטערן:
„דער טאָל פון יזרעאל איז ניט אַזוי גרויס —
ווי דו ביסט די גרייס. דו זאָלסט לעבעדיק ווערן."

דאָס קינד אָבער טוט מיט קיין ברעם ניט קיין ריר.
דער נביא צו גאָט רופט פון גוף דעם פאַרקילטן:
„איזבל די קעניגין איז קעגן מיר,
ווילסטו ס'זאָל מיך אויך די אלמנה פאַרשילטן?"

און ווידער באַדעקט אליהו דעם גוף:
„איך גיב דיר אָפּ, יינגל, מיין גליאיקן אָטעם.
דיין לעבן זאָל אומקערן זיך אויף מיין רוף,
און דו זאָלסט באַקערן צו גאָט די צוועלף שבטים.

דאָס וואָרט פון אל צבאות וואָס האָט מיך צעגליט,
די שטומקייט פון אַלע געטייטע נביאים,
דער שטורעם פון גאָט ווען איך הער זיינע טריט,
די שטילקייט ביינאַכט ווען איך בעט אויף די קני אים —

באַלעבן זאָל דיך! ביסט געוואָרן צו ערד
אין שוים פון דיין מאַמען. איצט הייב זיך אויף ווידער
געבוירן אין פלאַם, און גאָטס וואָרט אין דיין שווערד."
דער יינגל ליגט שטאַר מיט פאַרשטיינערטע גלידער.

און ס'ווענדט אליהו זיין פנים צו גאָט:
„מיין הארץ ווילסטו ווייך מאַכן. דו ווילסט מיך נייטן,
אַז איך זאָל פאַר שמרון, דער אָפּגעטער־שטאָט,
דיך בעטן, דו זאָלסט זי דורך הונגער ניט טייטן.

איז בעט איך דיך ווי פאַר דעם קינד וואָס איז טויט:
דערבאַרעם דעם טאָל פון יזרעאל, דערבאַרעם.
באַדעק זיינע פעלדער מיט צייטיקן ברויט,
ווי איך מיט מיין קערפער דעם יינגל דערוואַרעם.

פאַרדעק אחאבס זינד מיטן ברעג פון דיין קלייד."
דער נביא האָט זיך צו דעם קינד אָנגעבויגן,
און גלייך ווי אַ כמאַרע אויף אים זיך פאַרשפּרייט —
דאָס קינד האָט געעפנט פון טויט־שלאָף די אויגן.

# די באַגעגעניש

דער קעניג אין קרוין איז אַרויס זוכן גריבער
מיט וואַסער — דער דורשט זאָל די פּי ניט פאַרלענדן.
איז אים אליהו מיט שטורעם אַריבער
דעם וועג, מיט אַ גאַרטל פון פעל אויף די לענדן.
געפירט האָט זיי גאָט אין דעם זעלבן וועג ביידן,
דעם קעניג אין קרוין און דעם מאַן מיטן קאָלטן.
און אחאב מיט האַס האָט צו אים געטאָן ריידן:
„דו האָסט אונדז פאַראומגליקט. דו האָסט אונדז פאַרשאָלטן.

געבויט די שטאָט שמרון האָט עמרי מיין פאָטער,
זיין הערשאַפט אין טאָל פון יזרעאל באַפעסטיקט.
פאַרטריבן די פיינט ווי די רויב-פייגל האָט ער —
די טויט-פיינט וואָס האָבן אויף פעלדזן גענעסטיקט.
און איך האָב ארם, דעם באַצווינגער, געשלאָגן.
דער קעניג פון אחאב צאָלט מס אונדז אין רינדער.
האָסטו אונדז פאַרשאָלטן, די ערד זאָל ניט טראָגן
קיין פרוכט, און עס עסן אויף מאַמעס די קינדער.״

און ס׳ענטפערט דער נביא: „ניט איך האָב געטאָן עס.
נאָר דו און דיין פאָטער. אין דיינע פאַלאַצן
הערשט בעל. דאָרט משפּט ניט דין און רחמנות.
דאָרט שיכורט איזבל מיט פויקן און טאַצן
ביים מאָלצייט וואו נאַקעטע טענצערינס טאַנצן —
האָט גאָט מיר באַפוילן דיין רייכטום צו שעלטן:
איך וויל ניט אַז דו זאָלסט אַ לוסט-גאָרטן פלאַנצן,
נאָר אמת זאָל וואוינען אין דיינע געצעלטן.״

# די שלאכט פאר גאָט

אַ האָרן רופט — דאָס פאָלק ביים כרמל־באַרג זיך זאַמלט.
די כהנים פון בעל שטעכן זיך מיט שפיזן.
ביז זייער ווילד־געשריי פאַרגייט אין כליפּ, אין שטאַמל,
ווייל זייער גאָט, דער בעל, האָט זיך ניט באַוויזן.

„אָ בעל, ענטפער אונדז, דיין אויג איז שטענדיק אָפן.
דער קרבן וואַרט דיין פלאַם זאָל ברענגען אים אין הימל.״
און אליהו שפּאָט: ער איז געגאַנגען שלאָפן,
שריים העכער, בעל זאָל זיך אויפכאַפּן פון דרימל.

„אָ בעל, ענטפער אונדז, דאָס פאָלק וויל זען אַ וואונדער,
דו זאָלסט אַראָפּשיקן אַ פייער אויף דעם קרבן.״
און אליהו שפּאָט: דער בעל זיצט באַזונדער,
ער האָט מיט אייער פלייש דעם מאָגן זיך פאַרדאָרבן.

און אליהו רעדט צום פאָלק: ווי לאַנג נאָך וועט איר
צו אונדזער גאָט זיך בוקן און צום בעל דינען?
איר הינקט אויף ביידע פיס פון טאַנץ פאַר ביידע געטער.
וועט ניט פון אייך איין גלויביקער זיך אָפּגעפינען?

זאָל ער אַרויסגיין אויף דעם קרבן וואַסער גיסן!
נאָר די פאַרזאַמלטע ביים באַרג פאַרשעמטע שווייגן.
און אליהו זאָגט: ס'איז אייער האַרץ צעריסן,
געשפּאָלטן אייער גייסט — פון שפּרינגען אויף צוויי צווייגן.

דאַן גייט אַרויס פון פאָלק דער אַקער־מאַן אלישע,
און ער גיסט קרוגן וואַסער אויף דעם קרבן עולה.
שטרעקט אליהו אויס די הענט — און קוואַלן פרישע
פון זיינע פינגער שלאַגן, פון די הענט די הוילע.

דאָס וואַסער פליִיצט פון זיינע הענט אויף דעם מזבח,
ביז אויף דער גראָבן רונד אַרום נעמט איבערשטראָמען.
דער נביא רופט צו גאָט: אַנטקעגן בעל שטיי איך,
און קענן זיינע דינער... גאָט, מאַך גרויס דיין נאָמען.

און צו אלישען זאָגט ער: ווייל דיין הארץ טוט גלייבן,
האָט גאָט געעפנט מיינע פינגער ווי צען קוואַלן.
אלישע, גאָט וועט פאַר זיין נביא דיך דערהייבן — — —
און פון דעם הימל איז אַ פלאַם אַראָפּגעפאַלן,

פאַרצערט דעם קרבן און דאָס וואַסער אויסגעזויגן,
און אויך פאַרברענט די ערד און די מזבח-שטיינער.
דאָס פאָלק האָט אויף די פנימער זיך אויסגעצויגן,
און הויך געשריען: גאָט איז אונדזער גאָט, נאָר איינער!

און אליהו האָט צום גאַנצן פאָלק גערופן:
זאָל קיינער פון די בעל-דינער ניט אַנטקומען!
און ער האָט זיי ביים טייך געשאָכטן. און די גופן
פאַרבלוטיקט זיינען אויף די וואַסערן געשוואומען.

# אויפן בארג

און אליהו איז צום שפּיץ פון כרמל־בארג ארויף.
דעם קאָפּ פארגראָבן אין די קני איז ער געלעגן
און האָט געבעטן: „גאָט, די וואָלקנס דיינע טרייב צונויף,
און ווייז דיין פּנים אונדז אין כמארעס פול מיט רעגן."

און צו זיין יינגל, זיין באַגלייטער, איז געווען זיין וואָרט:
„דו קוק צום ים. קומט ניט קיין וואָלקן פון דער נידער?"
און אָפּגעענטפערט האָט דער יינגל: „גארניט זע איך דאָרט."
האָט אליהו צו זיין גאָט געבעטן ווידער:

„שיק, גאָט, דעם רעגן צוליב מיר. מיין אָפּשטאם און מיין היים
געדענק איך ניט. אין בארג־שפּאַלטן בין איך געזעסן.
אין מדבר־זאמדן האָב איך אָפּגעוואָרט דיין וואָרט געהיים.
פארגעם מיין זינד, ווי איך האָב אַן מיין לייב פארגעסן."

### דער יינגל:

„מיין פאָטער, דו ישראלס רייטוואָגן און רייטער,
בעט ווייטער ביי אל צבאות אונדזער גאָט, בעט ווייטער."

### אליהו:

ארום דעם כרמל שטייט דיין פאָלק פארברענט פון דאָרשט,
און די ניט־גלייביקע אויף מיר שווין זיינען מלשין.
דאָס פאָלק וועט זאָגן: „איך האָב דיינע ווענן ניט געפארשט
און מיך פארשטיינען ווי אַ נביא, ווי אַ פאלשן."

### דער יינגל:

„מיין פאָטער, דו ישראלס רייטוואָגן און רייטער,
בעט ווייטער ביי אל צבאות אונדזער גאָט, בעט ווייטער."

**אליהו:**

„איך האָב איזבלס כהנים דאָס לעבן ניט געשענקט,
דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיי מיט האַס אַרומגערינגלט.
איך האָב מיט זיי די טייכבעטן פאַרפולט און אָפּגעשווענקט
דיין ערד פון זייער זינד. וואָס זעסטו דאָרט, מיין יינגל?"

**דער יינגל:**

„מיין פאָטער, דו ישראלס רייטוואָגן און רייטער,
איך זע די ערד איז פון דער היץ דערשטיקט. בעט ווייטער."

**אליהו:**

„אויב איך בין עס ניט ווערט, באַווייז דיין גנאָד פאַר מענטש און פי,
אין זכות פון דיינע קנעכט, פאַרטריבענע אין היילן,
זיי בעטן אויך ווי איך די קעפּ פאַרגראָבן אין די קני.
דיין ברכה שיק, זיי זאָלן פון דיין נס דערציילן."

**דער יינגל:**

„מיין פאָטער, דו ישראלס רייטוואָגן און רייטער,
אַ פויגל זע איך צי אַ וואָלקן־שפּראָץ? בעט ווייטער."

**אליהו:**

„אויב דו ווילסט מיך פאַרשעמען פאַר מיין צאָרן, ניט פאַרשעם
דעם יינגל, מיין באַגלייטער. שיק צו אים דיין צייכן.
פאַר דעם וואָס ס׳ווייסט זיין הארץ ניט פון נקמה, און פאַר דעם
וואָס דורך געזאַנג און פרייד וויל ער צו דיר דערגרייכן."

**דער יינגל:**

„איך זע אַ וואָלקן ווי די האַנטפלאַך פון אַ מענטשן.
צוויי וואָלקנס ווי צוויי הענט באַדעקן אונדז און בענטשן."

**אליהו:**

**„פאַר דעם וואָס ס'בלייבט דיין אויסגעפּרואוווטער אורשטאַם**
דיר געטריי ;
**דיין אורשטאַם וואָס פאַרלאָזט דיך אין אַ קורצן פרייד־טאָג,**
**דערמאָנט אין אומגליק זיך אין דיר און קומט צו דיר אויפסניי —**
**אין זכות פון דעם דערפריי אים. טרייסט אים אין זיין ווייטאָג."**

**דער יינגל:**

„דאָס פאָלק אַרום דעם כרמל זינגט. די וואָלקנס וואַקסן.
מיט בליץ און דונער קומען יובלענדיקע שלאַקסן."

# אליהו לויפט פאַרויס דעם קעניג

דו ביסט אַליין געבליבן. גאָר דאָס פאָלק האָט דיך פאַרלאָזן
צוליב מיין זיג אויף דיר. וואו איז דיין הויף־וואַך, דיינע קינדער?
האָסט אויסגעטאָן דיין קרוין. דער ווינט האָט דיינע האָר צעבלאָזן.
אַ קעניג אָן אַ לייב־וואַך איז ווי אָן אַ שטאָק אַ בלינדער.

אַוועקגעריטן זיינען דיינע הויף־לייט. דיינע לויפער
צעלאָפן זיינען זיך. און ווער וועט דיך קיין שמרון פירן?
וועל איך פאַרויסלויפן דיין רייטוואָגן. און אין אַ שופר
דיין אָנקום אָנזאָגן ביי אַלע טויערן און טירן.

דער וועג־גייער קוקט אָן אונדז מיט אַ פנים אַ דערשטוינטן,
ווייל איך, דער נביא פון די בערג, דיין טויט־פיינט און פאַרשעלטער,
וואָס האָט באַזיגט דיך, בייגט זיך פאַר דיין קאָפּ דעם גרוי־אַנטקרוינטן.
און ביז יזרעאל לויפט פאַרויס דיין רייטוואָגן — מיין עלטער.

איך פיל ווי ס'לייגן אויס זיך אויף מיין פנים דיינע קאַרבן,
ווען אומגעריכט פאַר דיר עס וועט דיין טאָג פון משפט קומען
איך זע פאַרויס די צייט ווען דו וועסט וועלן קומען שטאַרבן
אויף מיינע הענט. און מיינע שטראָף־רייד וועלן דאַן פאַרשטומען.

אַ קיינער ניט פון דיינע הויף־באַדינער, קינדער, פרויען,
זיי וועלן ווייט אַזוי אין גרוב ווי איך דיך ניט באַגלייטן.
איך וועל פון ווייטן דיר דאָס לעצטע וואָרט פון גאָט פאַרטרויען,
ווען דיר אַליין וועט זיין שווין פרעמד דיין גוף און מערניט ווויי טאָן.

# אין מדבר

דער לעצטער כהן פון דעם בעל איז פון טויט אַנטרונען.
אתבעל האָט געזיפצט: „נאָך קאַכט אין מיינע אינגעווייד
דער שטראָם פון קישון. רויט דאָס וואַסער איז גערונען.
דער תשבי אליהו האָט זיין שווערד אַנטבלויזט פון שייד
און זוכט מיין שפּור.“ ער האָט דערהערט, מען גייט. האָט ער געזאָגט:
„ווער איז דער עלנטער וואָס זוכט ווי איך אַ שוץ אין שפּאַלטן?
האָט אין דער וויסטעניש דער נאָכיאָגער מיך אָנגעיאָגט?“
און ער איז אין אַ הייל אַריינגעקראָכן זיך באַהאַלטן.

און אליהו איז געווען דער מאַן וואָס איז געקומען.
גערעדט האָט ער צו גאָט, זיין גאָט: „מיך יאָגט איזבלס שווערד.
איך האָב פאַר דיינע גלוביקע נקמה, גאָט, גענומען.
געטייט האָט זיי איזבל. אויך מיין לעבן זי באַגערט.
דאָ אויף דעם חורב־באַרג ביסטו, אַלמאַכטיקער, געטראָטן.
באַווייז זיך מיר ווי דו האָסט זיך באַוויזן דיינע קנעכט,
ווען דו האָסט זיי געבראַכט אין פייער דיינע צען געבאָטן.
איך בין צו דיר געגאַנגען פערציק טעג און פערציק נעכט.“

און אויפגעשטורעמט האָט דער באַרג ווי פאַר דעם מדבר־דור,
גערעדט האָט גאָט פון ווינט וואָס פעלדזן ברעכט און בערג
צעשפּליטערט:
„דו ביסט געגאַנגען פערציק טעג און נעכט. ס'האָט פערציק יאָר
דער מדבר־דור געבלאָנדזשעט. — גאָט איז ניט אין דעם געוויטער.“

האָט אליהו אין דעם פּנים פון זיין גאָט געשריען:
„צעשטערט זיי האָבן דיין מזבח און צעשפּרייט דעם אַש,
נאָר מיינע ביינער ווי די קוילן פון מזבח גליען.“
און ס'האָט אַ שטים אים אָפּגעענטפערט: „גאָט איז ניט אין רעש.“

דער חורב־באַרג האָט זיך געשפּאָלטן ביזן טיפסטן גרונט.
אַ פלוג פון בליצן האָט זיין קאַרק דעם פעלדזיקן צעאַקערט.
דער נביא האָט געשריען: „ס׳האָט דיין פאָלק פאַרלאָזט דיין בונד.״
נאָר ס׳האָט אַ שטים אים אָפּגעענטפערט: „גאָט איז ניט אין פלאַקער.״

דער שטורעם איז פאַרביי. געקומען איז די שעה פון רו.
דער נביא האָט אין מאַנטל אין דעם האָריקן געציטערט.
און אליהו האָט געפרעגט ביי גאָט: „איז וואו ביסטו,
אויב ניט אין פייער, ניט אין רעש און אויך ניט אין געוויטער?״

האָט גאָט געזאָגט: „איך בין פאַרהוילן אין דער שטילסטער שטים.
ווער ס׳רופט אין צאָרן מיך, בין איך אַ ווינט וואָס פעלדזן ברעכט ער.
נאָר דער וואָס רופט אין ליבשאַפט מיך בין איך אַ פאָטער אים,
און דער געיאָגטער איז פאַר מיר באַשטענדיק דער גערעכטער.״

און אליהו האָט דערהערט פון באַרג־הייל אַ געלעכטער — — —
האָט ער דערשראָקן זיך, צי לאַכט עס ניט פון אים זיין גאָט?
אתבעל האָט געלאַכט פון אים: „דו ביסט ווי איך פאַרשטויסן.
מיך שרעקט ניט מער דיין שווערד און ניט דיין האַר און זיין געבאָט.
אין ווייטע לענדער וועל איך דינען פריי מיין גאָט דעם גרויסן.״

האָט אליהו אָפּגעענטפערט אים: „דו געצנדינער,
ווי לאַנג דו לעבסט קען אויך מיין גאָט ניט איינשטילן מיין צאָרן.
אַנטלויף אין ווייטע לענדער, שפּין דיין ליגן, נעצן־שפּינער,
נאָר פון דעם טאָל יזרעאל וועל איך אויסרייסן דיין דאָרן.״

# די שליחות

איז דער נביא געגאַנגען קיין צידון צוריק,
און מיכיהון געטראָפן ביים שניידן די זאַנגען.
און דער נביא האָט אים ניט געשאָנקען קיין בליק,
נאָר דער יונג איז נאָך אים אין די פוס-טריט געגאַנגען.
האָט דער תשבי זיין פּנים צו יענעם געווענדט:
„פאַרוואָס גייסטו מיר נאָך? האָב איך דיר עס באַפוילן?"
האָט מיכיהו געענטפערט: „איך האָב דיך דערקענט.
ביסט מיין פאָטער — און דו האָסט פון מיר זיך פאַרהוילן.
פון דעם טויט-שלאָף האָסטו אויפגעוועקט מיך אַמאָל,
און דיין אָטעם פאַרשוואָרן האָט מיך, איך זאָל שטומען;
אין מיין האַלדז זאָל זיין שטום דיין נביאישער קול,
ביז ס'וועט קומען מיין צייט. און מיין צייט איז געקומען."

האָט דער נביא געקושט אים: „איך האָב דיך געמאַכט
פאַר מיין מויל. גיי קיין שמרון און רייד צו דער מלכה:
‚דו האָסט אַלע נביאים פון גאָט אומגעבראַכט,
דיין געביי שטייט אויף מאָרד פון יסוד ביזן באַלקן.'
און פאַרשילט זי און ווער ניט פאַרטויבט פון איר בראָך,
און ניט שיכור פון אירע פאַרשיכורטע בליקן.
ווייל איר קוש איז דער גיפט פון אַ שלאַנג. און דערנאָך
וועל איך קענען איר אָפּגאָט דעם בעל דיך שיקן."

# אין טעמפּל פון אישטאר

### איזבל [צו מיכיהו]

פֿאַרשילט ניט, יונגער נביא, מיך. מיך ליבט אישטאר די געטין,
און בעל, אונדזער הערשער, רופט מיך טאָכטער-קעניגין.
איך פֿאַל צו דיינע פיס און אויף מיין לייב די רינגען בעטן,
אַז דו זאָלסט מיט דיין בליק מיין קערפּער אונטערטעניקן.

אין טעמפּל מיינעם איז אַ מירמל-זייל — דיין שטרענגע בלייכקייט.
ביי דיינע קניען וועל איך ליגן ווי אַ היטערין.
איך וועל אַרומגיין דיר מיט אַ לבנהדיקער ווייכקייט,
ניט אויפצואוועקן אין דיין האַרצן די געוויטערן.

אויב ס׳האָט דער נדר פון דיין מוטער דיך צו גאָט געשאָנקען,
וועל איך דיך אויסלייזן צוריק פֿאַר דיין געווינערין.
כ׳וועל אויסקושן די נעפּלען וואָס אין דיינע אויגן בלאָנקען.
אָ קום צו מיר. אַ קעניגין וועט זיין דיין דינערין.

פֿאַרשילט ניט, יונגער נביא, מיך. ווער איז ער, דיין באַפעלער
וואָס האָסט אַזוי דיין לייב און לאָזט זיך ניט דערווידערן?
צי האָט ער אויך ווי איך צוויי אָרעמס פון דעם טאָג-שיין העלער,
און לאָקן ווי די נאַכט? — זאָל ער אַרונטערנידערן!

### [קניט פֿאַר אישטאר]

מיין געטין, לבנה׳קע געטין וואָס דרימלט אין שטיין,
וואָס איז אויף דער וועלט פון דיין נאַקעטקייט שענער?

דער הימל איז ניט אַזוי מילד, אַזוי רואיק און ריין
ווי דו, מיין געביטעריןֹ, דו
אין דיין אייביקער מירמלנער רו.
פֿאַר מיר האָבן זיגער געראַנגלט זיך — בראַנדזענע מענער.
נאָר איך בין אין טונקל פֿון זייער געלעגער אַנטלאָפֿן,
און אין דיין האַלבנאַכטיקן טעמפּל זיך באַרוועס געשלייכט.
איך בין מיט דיר, מירמל-זייל, ווי מיט אַ שוועסטער געשלאָפֿן,
דערפֿאַר איז מיין לייב אַזוי שטייף און מיין הויט אַזוי טויאיק
און פֿייכט.

[צו מיכיהו]

דו נביא פֿון מדבר-גאָט, טרוימער פֿאַרטרויערטער, יונגער,
איך וועל דיר דעם סוד פֿון דער ליבשאַפֿט פֿאַרטרויען.
מיין געטין און איך — ביידע וועלן מיר שטילן דיין הונגער,
און אַנבייגן וועלן אויף דיר זיך אין חלום צוויי פֿרויען.

דיין אָטעם וועקט אויף פֿון איר דרימל מיין געטין אישטאַר,
פֿון גליווער באַפֿרייען זיך אירע פֿאַררונדיקטע גלידער.
איר פּנים איז ליכטיק פֿאַרגאַפֿט, נאָר איר שמייכל איז שטאַר,
זי ציט אויס די הענט אירע, זי וויל ניט איינשלאָפֿן ווידער.

פֿון פֿרי ביז אין אָוונט-שפּעט, און פֿון ביינאַכט ביז באַגין,
מיר וועלן אויף אונדזערע אָרעמס דיך וויגן.
דיין גאָט האָט געשיקט דיך אונדז ביידן באַזיגן —
אַנטרין פֿון יהוהן אין אונדזערע אָרעמס, אַנטרין.

מ י כ י ה ו :

מיין גאָט איז אַ נזיר אין הייל פֿון מיין ברוסט,
וואָס שטאַרקער ער פּייניקט מיך ווער איך אים טרייער.
די פֿעלדזן די נאַקעטע גליען פֿון לוסט
צו ווערן זיין אָפּבילד, נאָר ער איז פֿון פֿייער.

און ווען ס'נעמט די שטילקייט מיך דורך ווי אַ פראָסט,
דערהער איך זיין רוף אויף די בערג, אין דער שטיל דאָרט·
„איך ווער אין די טעמפּל־געשטאַלטן פאַרראָסט,
איך זע זיך אַליין אַ געליימטן אין בילדער.״

דיין אָפּגאָט וואָס גלאָצט אַזוי פריידיק און שטאָלץ —
איז בלינד. אין זיין אינגעווייד שפּינוועבס טוט הויזן.
דיין ווייררויך איז רויך פון צעוווערעמטן האָלץ.
דער מדבר וועט ביז צו דיין טעמפּל דערפּויזען.

דו האָסט מיט דיין כישוף דעם קעניג פאַרשפּינט,
איצט ווילסטו אויך מיך אין דיין טאַנץ־ליד פאַרשפּינען.
דיין לייב איז באַדעקט מיט צרעת פון זינד.
דיין געטין וועט צודעקן שטויב פון רואינען.

# נבות

„וואָס זינגסטו, נבות? עפּן אויף דעם גאָרטן־טויער!" —
און נבות עפנט און מיכיהו רעדט צום זינגער —
„אַריבער הויכע ווענט פליט, נבות, הויך דער טרויער.
דו זינגסט — און שמרון איז באַלאַגערט פון באַצווינגער.

דיין קאָפּ איז גרוי און גרוי אויך זיינען דיינע ברעמען.
נאָר מונטער בליצן דיינע אויפגעשטראַלטע אויגן.
אַ וואו זאָל איך די ברכה פון דיין יונגשאַפט נעמען?
איך בין נאָך יונג און צער האָט מיך שוין איינגעבויגן.

איך האָב דעם לאַנגן וועג צו גאָט ערשט אָנגעפאַנגען,
און בין שוין מיד. פון אַלע וואָגלער בין איך מידער."
און נבות ענטפערט אים: „ווייל דו ביסט נאָכגעגאַנגען
די שטים פון שלאַכט — און ניט די שטים פון מיינע לידער."

און נבות שפּאָט פון אים: „דו האָסט אויף זיך גענומען
צו זיין אַ שטראָפער און אַ משל און אַ צייכן.
דיין גאָט וואָס ברענט אין דאָרן, ברענט אויך אין דיין גומען...
דיין טרויער וועט אַריבער מיינע ווענט ניט גרייכן."

מיכיהו אָבער זאָגט: „ווייל דו האָסט זיך פאַרבאָרגן
אין גאָרטן, קיינער זאָל דיין לוסטיקייט ניט שטערן,
און האָפערדיק דו לאַכסט און טרינקסט און זינגסט אָן זאָרגן —
וועסטו איצט טרינקען וויינטרויבן פון דיינע טרערן."

# די נחלה פון די אבות

דער קעניג אחאב איז צו נבותן געקומען:
„דיין לוסט-גאָרטן פאַרקויף מיר, גאָט-דערפרייטער זינגער.
פאַרזוכט האָט דיינע וויינטרויבן מיין שטייפער גומען,
דיין וויינזאַפט היילט מיין האַרץ און מאַכט מיין אָטעם גרינגער."

און ענטפערן געענטפערט האָט דעם קעניג נבות:
„ווי קען איך אָפּגעבן די נחלה פון די אבות?"

און אחאב האָט געזאָגט: „מיין הערשאַפט איז געענדיקט.
האָב מיטלייד מיט אַ זקן. ס'האָבן מיך פאַרפייניקט
די קנעכט פון גאָט. זיי זאָגן אַז מיין אומקום שטענדיק.
זיי גיסן עסיק אין מיין קעלטער וואָס איז ווייניק."

האָט נבות שטאָלץ געזאָגט: „דער וויין אין מיינע קעלטערן
איז שטאַרק און לויטער ווי דער שם פון מיינע עלטערן."

און אחאב האָט געזאָגט: „איך האָב אין שלאַכט געשלאָגן
דעם קעניג בן-הדד, און האָב אים אונטערטעניקט,
ווייל ער האָט צוגעהערט וואָס זיינע הויף-לייט זאָגן,
אַז בלויז אויף בערג און ניט אין טאָל אל צבאות קעניגט."

און נבות האָט געזאָגט: „איך האָב זיך ניט באַטייליקט
אין שלאַכט, ווייל איך האָב זיך מיין וויינגאָרטן געהייליקט."

און אחאב האָט געזאָגט: „מיין שונא דעם באַזיגטן
האָב איך ניט אומגעבראַכט און אים זיין לאַנד געשאָנקען.
האָט גאָט געשטראָפט מיך דורך זיין נביא דעם געשיקטן,
און אַ געשטראָפטער טו איך איבער שמרון בלאָנקען."

און נבות האָט געזאָגט: „דיין פיינט האָסטו באַגנאַדיקט.
און גוט ביסטו צום רשע. זיי אויך גוט צום צדיק."

און אחאב האָט געזאָגט: „ווייל איך האָב זיך דערבאַרעמט
אויף אַ געשלאָגענעם, האָט מיך מיין גאָט פאַרשטויסן.
אין קריג האָסטו זיך ביי דיין ווייב אין שוים געוואַרעמט,
באַהאַלטן אין דיין פאָטערס וויינגאָרטן דעם גרויסן.“

און נבות האָט געזאָגט: „דיין פיינט האָסטו פאַרגעבן.
און פאַנג־נעצן פאַרשפּרייטסטו, זע איך, אויף מיין לעבן.“

און אחאב האָט געוויינט: „מיין מלכות וועט ניט דויערן.
צערודערט איז מיין האַרץ. דיין ווייַנזאַפט מאַכט מיך יינגער.
פאַרוואָס זאָל שמרון אָפּלאַכן אין אַלע טויערן,
אַז דו האָסט אָפּגעזאָגט מיר, גאָט־דערפרייטער זינגער?“

און ענטפערן געענטפערט האָט דעם קעניג נבות:
„איך קען ניט אָפּגעבן די נחלה פון די אבות.“

# די קללה

אין שטאָט-טויער זיצן פאַרזאַמלט די זקנים:
„האָסט, נבות, געלעסטערט דיין גאָט און דיין קעניג.
פאַרשטיינט אים, דעם בוגד! פאַרוואַרפט מיט געשטיין אים!
ווייל ער איז אין שלאַכט ניט אַרויס. ווידערשפעניקט.״
צום שטאָט-טויער פירט מען אַרויס אים פאַרשטיינען.
און נבות וואָס פלעגט אין זיין וויינגאָרטן זינגען,
באַהאַלט זיין געזיכט אין די הענט און טוט וויינען,
און טרערן מוז ער אַנשטאָט וויינטרויבן שלינגען.

און ביטער וויינט נבות: „איך ווייס אַז איזבל
געשטעלט האָט צוויי רוצחים — געדונגענע עדות.
זאָל שרייען מיין בלוט ווי די אומשולד פון הבל.
מיין אַלט-אויסגעשטאַנענער וויין פון די זיידעס,
זאָל אַנצינדן זיך אין דעם קעניגס געהירן.
דעם טעם פון מיין בלוט אין דעם זאַפט זאָל ער פילן.
די שיכרות זאָל אים צו דעם אָפּגרונט דערפירן.
דער שאָטן פון בוים זאָל זיין פיבער ניט קילן.

עס וועלן אים זיינע חיילות באַשיצן,
דער נביא וועט וואָרענען אים פון געפאַרן,
זיין שווערד וועט זיין שאַרף און זיין פאַנצער וועט בליצן,
נאָר איך וועל אים יאָגן. מיין גייסט וועט אים נאַרן.
ביינאַכט וועל איך אויף זיין געלעגער באַרויבן
זיין שלאָף; און בייטאָג אויך ניט געבן קיין רו אים.
ביז ער וועט אַנטלויפן אין שלאַכט, זיך באַטויבן —
און דעמאָלט וועט ווערן מיין קללה מקוים.״

# די מחילה

דער באַרג האָט זיך אונטער דעם תשבי געשפּאָלטן,
און גאָט האָט געזאָגט אים: „דו האָסט זיך פֿאַרבאָרגן.
איזבל, אין אייביקייט זיין זאָל פֿאַרשאָלטן,
האָט אונטער אַ שטיין־באַרג דעם אמת דערוואָרגן.״

גערעדט האָט דער מאַן גאָט אין פּנים אַנטקעגן:
„האָסטו ניט געשטראָפֿט מיך, מיין האַר, פֿאַר מיין צאָרן?
האָסטו ניט געצוואונגען מיך בעטן אויף רעגן?
רייס אויס די פֿאַרזינדיקטע שטאָט ווי אַ דאָרן.״

האָט גאָט אים געזאָגט: „גיי אַראָפּ אין דער נידער.
באַווייז זיך פֿאַר אחאָבן. גיי נאָך אין שפּור אים.״
און ס׳איז אליהו פֿון הויכן באַרג ווידער
אַרונטערגעקומען אין טאָל ווי אַ שטורעם.

און ער האָט מיכיהון זיין תּלמיד באַגעגנט:
„מיכיהו, דיין בליק איז פֿון מיטלייד געפֿאַנגען.
מיין זון, ס׳האָט אין טאָל פֿון יזרעאל גערעגנט,
און ס׳איז מיט דעם זאָמען דאָס שלעכטס אויפֿגעגאַנגען.

מיכיהו, דיין שליחות איז נאָך ניט געענדיקט.
פֿון אונטער דעם שטיינער־באַרג נבות טוט שרייען.
און דריקן דער באַרג אויף דיין האַרצן וועט שטענדיק,
אויב דו וועסט ניט העלפֿן דעם אמת באַפֿרייען.

דער אמת ליגט אונטער אַ שטיינערנעם טורעם,
אים האָבן באַגראָבן איזבל, די זקנים״ — — —
אַוועק איז דער תּשבי זיין וועג מיטן שטורעם.
מיכיהו באַגלייט האָט מיט שטילן געוויין אים:

„מיין פאָטער, מיין פאָטער, צו שווער איז די שליחות."
געענטפערט האָט אים אליהו: „ניט ציטער.
די ביטערקייט, נביא, וואָס דו טראָגסט אין זיך עס,
לאָד אויס אויף דעם רשע מיט בליץ און געוויטער."

האָט אחאָב דערזען אליהון אין גאָרטן:
„דער תשבי! מיין פיינט האָט מיך ווידער געפונען!"
— „איך האָב דיך געפונען! און רינען וועט דאָרטן
דיין בלוט, וואו פון נבותן בלוט איז גערונען.

דערהרגעט האָסטו און נאָך ירשנען ווילסטו?
איך וועל דיינע זין אין דיין אָנגעזיכט שעכטן — — —
וואָס רייסטו די האָר, און אין זאַק וואָס פאַרהילסטו
דיין קאָפּ? ס'איז דער משפט פון גאָט דעם גערעכטן."

נאָר גאָט האָט געזאָגט: „ווייל ער רייסט זיינע בגדים,
און וויינט פון חרטה, וועל איך אים פאַרגעבן.
איך וועל פאַר זיין אָפּקומען שיקן מיין גנאָד אים:
ניט אומברענגען וועל איך זיין הויז ביי זיי לעבן."

האָט דאָס אליהו געהערט און געצאָרנט:
„אל צבאות, זיין זון וועט זיין טראָנשטול נאָך אַרבן?
איך האָב דורך זיין שטראָף אַלע רוצחים געוואָרנט —
און דו ביסט אים מוחל? מיין גאָט, איך וויל שטאַרבן!"

# אין גאָרטן

— „איזבל, מיין בלוט וועלן לעקן די הינט.
אַזוי האָט געשוואוירן דער גאָט פון די יידן.
געטייט האָב איך נבותן. דו האָסט צו זינד
מיך אָנגערעדט, גרויזאַמע טאָכטער פון צידון."

— „אַ קעניג ביסטו? דו ביסט שוואַך ווי אַ ווייב.
בלויז יענעם וואָס שרעקט זיך קען שלעכטס טאָן יהוה.
אין לוסט־גאָרטן קום און דיין פּחד פאַרטרייב,
ווי איך האָב פאַרטריבן דעם האַריקן נביא."

דער קעניג אין לוסט־גאָרטן נידערט אַראָפּ.
פאַרוועלקט איז דער גאָרטן. די צווייגן אים שמייסן
אין פּנים: „איזבל, ס'איז בלוט אויף מיין קאָפּ.
די פלאַנצן ווי שלאַנגען די פוס־טריט מיר בייסן."

— „ניט בלוט איז עס, נאָר דער פאַרטאָגיקער טוי.
דיין מאַנטל שפּרייט אויס אויף די פלאַנצן, מיין קעניג.
מיין לייב איז אויך קנאָספּיק און טויאיק אַזוי,
און ס'איז דיר מיין לייב ווי דאָס גראָז אונטערטעניק — — —

ער שלאָפט, מיין געזאַלבטער. באַשיץ אים, אישטאַר.
דיין מירמלנע נאַקעטקייט לויכט צווישן ביימער,
ווי ס'לויכט די לבנה דורך וואָלקנס... געפאַר!
שטיי אויף קעניג אחאב. אַ וויי מיר, אַ וויי מיר."

— „איזבל, וואָס שרייסטו?” — „מיר האָט זיך געדאַכט,
געהיימע פאַרשווערער דעם גאָרטן צעטרעטן.”
און פלוצלונג זעט אחאב: אישטאר האָט געקראַכט.
און ס'יאָמערט איזבל: „מיין גערטן, מיין גערטן!”

— „איזבל, דער תשבי, דער מאַן פון די בערג,
ער האָט עס דיין גערטן אַרונטערגעשמעטערט.
ער גייט דורך דעם גאָרטן אַרום ניט באַמערקט.
מיין זינד איז פאַרשריבן מיט בלוט אויף די בלעטער.

אויך איך, דיין געזאַלבטער, פאַרשאָלטענער מאַן,
מיט איבערגעבראָכענע אָרעמס און קניען
וועל וואַלגערן זיך ווי דיין גערטן. ערשט דאַן
דער לוסט־גאָרטן וועט אויפדאָסניי זיך צעבליען.”

# אין וועג

„מיכיהו, מיין זון, האָסט פאַרלאָזט אויף דער עלטער
דיין מאַמען. איך זוך דיך אַרום אויף די וועגן.
פאַרלאָזט איז דער שייער, דאָס פעלד און דער קעלטער,
און ס'רינען אַראָפּ דיינע האָר ווי דער רעגן.
אַ ווער וועט מיך אין מיין אלמנהשאַפט טרייסטן?
און ווער וועט באַוויינען מיך ווען איך וועל שטאַרבן?
איך וויים אַז די אַדלליט ווילן דיר בייז טאָן,
און פוקסן מיין וויינגאָרטן ווילן פאַרדאַרבן."

און ס'ענטפערט דער זון: „איך בין, מאַמע, דער פינגער
פון גאָט, אויסגעשטרעקט צו די זקנים, די שופטים:
געלעבט אויף זיין נחלה האָט נבות דער זינגער,
זיי האָבן אַ בילבול געמאַכט און באַשטראָפט אים.
איך גיי צו דעם מלך, איך גיי צו די ריכטער,
און אויסברענען וועל איך דעם חותם פון פייער
אויף זייערע נאַכטיקע פאַלשע געזיכטער.
זאָל וויסט זיין מיין אַקער-לאַנד, פוסט זיין מיין שייער!"

„מיכיהו, די קעניגין פירט מיטן מלך,
און זי האָט נאָך קיינעם איר גנאָד ניט געשאָנקען.
באַוויינען דיין גוף דעם פאַרשטיינערטן וועל איך,
פאַריאָגט פון מיין היים דורך דער וועלט וועל איך בלאָנקען" — — —
מיכיהו קערט אָפּ זיין געזיכט, ניט צו ווענדן
זיין האַרץ צו דער פרוי, צו איר ליבשאַפט און טרויער.
זיין גייסט איז צערודערט. ער גורט אָן די לענדן,
און גייט צו די זקנים וואָס זיצן אין טויער.

# אין טויער פון שמרון

אין טויער פון שמרון זיצט אחאבביים שייער,
און ס'טרייסט אים דער כאָר פון נביאים פיר הונדערט:
„דיין פיינט בן־הדד וועסטו בייקומען היי־יאָר,
און אייביק וועט קלינגען דיין רום און דער וואונדער.״

אין פורפור, געקליידט זיצט דער קעניג ביים טויער,
זיין קאָפּ איז געזונקען, זיין בליק איז פאַרלאָשן.
דער כאָר פון נביאים וויל טרייסטן זיין טרויער:
„דיין פיינט וועסטו דרעשן ווי שטרוי ווערט געדראָשן.״

נאָר ס'מורמלט דער קעניג: „מיכיהו, דיין שווייגן
דערשרעקט מיך. אַ בענטש מיך און זאָג, איך וועל זיגן.
איך ווייס אַז מיין כאָר פון נביאים טוט לייגן,
ער שרייט מיט איין נוסח, איין לשון, איין ניגון.״

און ס'ענטפערט מיכיהו: „געזען אין די הייכן
פון הימל האָב איך די באַפליגלטע שרפים.
און גאָט האָט געפרעגט: ווער פון אייך וועט דערגרייכן
דעם קעניג צו נאַרן און ברענגען זיין שטראָף אים?

האָט איינער געזאָגט: ס'וועט איזבל אים עצהן.
און איינער: דער רויבזאַק פון זיג וועט אים רייצן.

פאַר גאָט איז געקומען דאַן נבות דער זינגער,
און ער האָט געזאָגט: איך וועל נעמען נקמה.
מיין גייסט וועט אַריין אין די גיפטיקע צינגער
פון זיינע נביאים, אין טאָג פון מלחמה.

דער טויט וועט פאַרשטעלן זיך פאַר דיין שליח.
און גאָט האָט געענטפערט אים: גיי, זיי מצליח.״

זאָגט אחאָב: „פאַרשפּאַרט אים. קאַרגט ברויט אים און וואַסער.
איך גיי אין דער טויט־שלאַכט. און גאָט איז מיין עדות:
מיך שרעקט זיין נבואה! נאָר ער, דער מבשר,
וואָס זאָגט אָן דעם אומגליק מיר — זאָגט אָן מיט פרייד עס.

און אויב מיר וועט גאָט אַ נצחון באַשערן,
וועט מערניט מיכיהו דאָס גליק מיר פאַרשטערן.״

און ס׳ענטפערט מיכיהו: „אויך איך שווער ביים הימל!
איך וויל עס זאָל גאָט דיר זיין חסד באַווייזן.
מיין ברויט וויל איך עסן אין תפיסה מיט שימל,
אין גרוב וויל איך זיצן געקאָוועט אין אייזן.

נאָר קומסטו צוריק פון דער שלאַכט — איז אַ סימן,
אַז גאָט איז ניט מיר זיין נבואה מגלה.״
און ס׳ענטפערן אָפּ אים די פיר הונדערט שטימען
פון אחאָבס נביאים: „אַ הערט, פעלקער אַלע!״

# אחאב שטאַרבט

„מיין גאָט, דאָס ביסטו אין דער פייל. דאָס ביסטו!
דיין שטים וואָס אַריין איז אין פייל און אין בויגן
האָט מיך דורכגעלעכערט. מיין קנעכט, האַלט מיך צו.
זאָל קיינער ניט זען אַז מיין קני איז געבויגן.

בלייב שטיין אָן אַ זייט פון געפעכט, פון געדראַנג.
דערזען וועלן ערשט נאָכן זיג מיינע שבטים:
געשטאַנען בין איך ביז דעם זון־אונטערגאַנג
אין רייטוואָגן מיט אַ געשטאָרבענעם אָטעם.״

— „מיין קעניג, פון אונטער דיין פאַנצער רינט בלוט.
אין הינטערלאַנד היים מיך דעם רייטוואָגן טרייבן.״
— „מיין קנעכט, האַלט מיך צו. איך האַלט אונטער דעם מוט
פון מיינע גיבורים. מיט זיי וועל איך בלייבן.

פאָרויס! נאָר וואָס זע איך? — צוריק גייט דער שטראָם.
מיין בליק איז פאַרטונקלט שוין. ווער איז דער זיגער?״
— „מיין קעניג, געשטאַרקט האָט אויף אונדז זיך ארם.
דער פיינט האָט צעזייט אויפן פעלד דיינע קריגער.״

— „מיין רייטוואָגן־לענקער, אויף גיך פיר מיין גוף
קיין שמרון. בלייב שטיין דאָרט ביים וואַסער דעם טיפן.
די פייל איז די שטים פון מיין גאָט און זיין רוף —
זאָל טריפן מיין בלוט וואו ער וויל עס זאָל טריפן!

בלויז איינער וואָס האָט מיך געשטראָפט פאַר מיין זינד
באַוויינט מיך. ער ווייס: ס'איז מיין האַרץ ניט פאַרדאָרבן
דער תשבי! מיין נביא, וואו ביסטו אַצינד?
איך וואָלט אויף די הענט דיינע רואיק געשטאָרבן.״

# איזבל באפרייט מיכיהון

„מיין מאַן איז טויט. מיין מאַן, דער קעניג אחאב!״ —
פאַרברעכט איזבל אויף איר קאָפּ די הענט —
„פון טויטן-שלאָף, באַשיצער מיינער, וואַך אויף,
איך האָב דעם תהום פון עלנט איצט דערקענט.
דאָס פאָלק וואָס פלעגט מיך אונטערטעניק האָרכן
איז אויפגעשטאַנען קעגן מיר מיט האַס.
אין לוסט-גאָרטן די בלעטער שפּאָטיש שאָרכן — — —
דיין רייטוואָגן איז פון דיין בלוט נאָך נאַס,
און אויף מיין קאָפּ שוין פאַלט אַ בייז געלעכטער.״
איזבל לויפט אין תפיסה וואו עס ליגט
דער נביא: „עפן אויף דעם טויער, וועכטער.
מיכיהו, דו ביסט פריי. דו האָסט געזיגט.

אַמאָל האָט מיך געלאָקט דיין מדבר-ריינקייט,
און איך האָב דיך באַגערט. האָסטו צעשטערט
מיין קיניגטום, מיין טעמפּל און מיין שיינקייט,
ווייל ס׳האָט דיין גאָט דיר ליב האָבן פאַרווערט.
ניט פריי זיך מיט דיין גרויזאַמען נצחון,
ווי אליהו פרייט זיך מיט מיין פּיין.
די פייל וואָס האָט דעם קעניג דורכגעשטאָכן
קען אויך אין דיין פאַרפאַנצערט האַרץ אַריין.
איך קען דיין זיג פאַרשטערן און דיך טייטן.
זאָל אויך דיין מאַמע וויינען... נאָר דערפאָרשט
האָב איך דיין האַרץ. דו ווילסט ניט קיינעם ווי טאָן.
דער תשבי אָבער נאָך נקמה דאָרשט.

אַנטלויף פון אים. אַנטלויף אין פעלד פון צידון.
דאָרט וואַרט אויף דיר די נחלה פון דיין שטאַם.
אויך איך וויל אָפּרוען מיין גוף דעם מידן
ביי דיינע פיס, ווי אַ פאַרנעצטע לאַם.
איך וויל דיר נאָכגיין. נאָר מיך וועט פאַרטרייבן
פון הויז דיין מאַמע פאַר מיין שלעכטן שם —
וועל איך אין שמרון דאָ אין פּאַלאַץ בלייבן,
באַשמירן אויפדאָסניי מיט פאַרב מיין ברעם.
און ביז ס'וועט אויך אויף מיר די קללה קומען,
וועל איך זיך פיניקן אין נעץ פון זינד.
נאָר דו אַנטלויף!"... און פון איר צער באַנומען,
מיכיהו שווייגט, און אין דער נאַכט פאַרשווינדט.

און ס'בלייבט אַליין איזבל אין דער תפיסה,
זי זיצט אין פינצטערניש, זי וויינט און לאַכט:
„דער תשבי! זיין נקמה־פרייד די זיסע
האָב איך פאַרסמט. זיין זיג צונישט געמאַכט.
מיכיהו איז אין שרעק פון אים אַנטרונען,
און איך, איזבל, האָב אים אַנגערעדט — — —
ניט אליהו האָט זיין האַרץ געוואונען,
נאָר איך מיט מיינע טרערן און געבעט.
איצט מוז איך גיין צוריק אין פּאַלאַץ, היטן
דעם טראָנשטול פאַר מיין זון — מיין פרוכט פון שוים
זאָל פון זיין שטאַם ניט ווערן אָפּגעשניטן,
ווי אליהו בעט אויף אחאָבס הויז."

# די שטראָף

און גאָט אויף אליהון האָט געצערנט,
און האָט גערעדט צום נביא האַרבע רייד:
האָסטו מיין פאָלק מיין לערע דען געלערנט,
צו דינען מיר אין ליבשאַפט און אין פרייד?

מיכיהון זוך! ער איז פון דיר אַנטלאָפן,
ווייל דו האָסט אויסגערופן פאַר דער וועלט
מיין נאָמען פון אַ גאָט וואָס קומט נאָר שטראָפן,
און רימען מיין גענאָד האָסטו פאַרפעלט.

בין איך דען בלויז באַשטראָפער און פאַרלענדער,
און ניט דער גאָט וואָס היט אַ טויב אין וואַלד? —
דו וועסט אַרומבלאָנדזשען דורך אַלע לענדער,
און זיין אַ טויזנטיאָריקע געשטאַלט.

דיין טאָג איז נאָנט. איך וועל אַרונטערשיקן
אַ רייטוואָגן און דו וועסט זיין מיט מיר,
זאָלסט קענען צו מיין פאָלק אַרונטערבליקן
אין יעדן דור, און שטיין ביי יעדער טיר.

ווייל דו האָסט ניט קיין מיטלייד מיט דעם זינדער,
וועסטו יאָרטויזנטער אַן עדות זיין.
און דו וועסט זען אין וואָגל מיינע קינדער,
און זיי ניט קענען אויסלייזן פון פיין.

אַ טאָרבע מיט אַ שטאָק וועט זיין דיין גדולה,
אַ ים פון טרערן זיין וועט דיין פאַרמעג.
ביז דו וועסט אָנזאָגן זיי די גאולה
ביים סוף פון זייער גרויסן וואַנדער־וועג.

# דער מאַנטל

אליהו:

מיין זון, מיין זון, פאַרנעם וואָס איך טו ריידן.
מיין צייט איז נאָנט. איך הער שוין שופרות שאַלן:
„זיי גרייט!" און איידער גאָט וועט אונדז צעשיידן,
וועל איך אויף דיינע אַקסל לאָזן פאַלן
מיין פייערדיקן מאַנטל. ווי אַ וויכער
פאַרהילט ער אין זיין ווירבל דיינע לענדן.
ער ברענגט דיך וואו דיך רופט דיין גאָט נאָך גיכער
פון בליץ וואָס טוט די אויגן דיר פאַרבלענדן.
איך האָב די הענט פאַרבלוטיקט, און געריסן
די ווילד־גראָזן פון שלעכטס... נאָר העל וועט שטראַלן
די זון אין האַלבן טאָג פון דיין געוויסן,
ווען אויף דיין אַקסל וועט מיין מאַנטל פאַלן.

מיכיהו:

מיין האַר, ישראלס רייטוואָגן און רייטער,
דיין מאַנטל וועט פאַרהילן מיך אין פלאַמען,
מיין לייב פאַרברענען, און ווי אַש פון שייטער,
פאַרטראָגן אויף די דלאָניעס פון מיין מאַמען.
איך הער די שטים פון נבותן דעם זינגער,
דער קעניג האָט גערויבט ביי אים דאָס לעבן.
איך הער די שטים פון קעניג דעם באַצווינגער,
די מלכה האָט די עצה אים געגעבן.
נאָר אויך די מלכה הער איך וויינען ביטער:
איר מאַן איז טויט. אַ ווער וועט זי באַשיצן?
צעריסן ווערט מיין האַרץ ווי אין געוויטער
אַ כמאַרע אַ צעריסענע פון בליצן.
באַפריי מיך...

אליהו:

איך וועל דיך, מיין זון, באַפרייען,
און גיי און טרייסט דיין מאַמען אין איר עלטער.
ווייל הערסטו ניט פון ווענט דאָס אומרעכט שרייען,
קענסטו ניט זיין קיין שופט און פאַרשעלטער.
בלויז דער וואָס וועט פאַרלאָזן פעלד און אַקער,
און נאָכגיין מיר — דער וועט מיין מאַנטל טראָגן,
ווען איך וועל אין אַ וואָלקן און אַ פלאַקער
אַרויפגיין אין אַ פייערדיקן וואָגן.
און ווען דו זעסט עס גייט אַ שקיעה אונטער,
און ברענט און פאַלט און פלאַטערט אין דער ווייטן,
זיי וויסן, אַז מיין מאַנטל זינקט אַרונטער
פאַר דעם וואָס קומט מיך אויף דער ערד פאַרבייטן.
דו ווײנסט, מיכיהו...

מיכיהו:

מיינע טרערן ברענען,
ווייל דו וועסט מער מיין שטיבל ניט פאַרבייגיין.
דיין האַרץ וועל איך מיט ברויט ניט אונטערלענען,
דו וועסט ניט רוען אונטער מיינע צווייגן.
דיין מאַנטל וועט פאַרהילן דיין פאַרבייטער,
און איך וועל נאַקעט אָן דיין ליכט-גייסט ליגן,
ווען דו, ישראלס רייטוואָגן און רייטער,
וועסט איבער מיר זיך אין די הימלען וויגן.
איך וועל דיך אָפוואַרטן אין די פאַרנאַכטן,
ביים שוועל, און זוכן דיך אין פעלדזן-שפּאַלטן,
נאָר בלויז דיין ווידערקול פון אַלטע שלאַכטן
וועל איך דערהערן, אין מיין האַרץ באַהאַלטן.

אליהו:

מיין זון, דו וועסט ניט מער מיין קול דערהערן
אין שלאַכט — נאָר אין דעם שאָקלען זיך פון זאַנגען.
איך וועל אַראָפּקוקן פון בלויע שטערן
דערפרייט, וואָס הויך דיין ברויט איז אויפגעגאַנגען.
איך וואַרט אַליין פאַרבענקט אויף מיין צוריקקער,
ווען איך וועל קומען צו מיין פאָלק געלייטערט
פון צאָרן וואָס צערייסט מיין האַרץ אויף שטיקער,
און מיטברענען מיט אים אויף יעדן שייטער,
און אים אַרויסטראָגן פון פלאַם... און איילן
וועל איך זיך אויסטיילן מיין פאָלק מתנות:
איך וועל באַשיצן אים פון אַלע פיילן,
און שענקען אים בטחון און רחמנות.

ניו־יאָרק, 1949.

# מיין אורפּאָטער

ווען עס ברעכט פון דער פינצטער אַרויס דער קאַיאַר,
זע איך צוויי אין גערעאַנגל שוין טויזנטער יאָר.

אַ געווירבל פון וואָלקנס. און צוויי אין געפעכט
מיט די פויסטן. און אַרעמס און פיס אין געפלעכט.

ס'איז מיין אורפּאָטער יעקב אין אייביקער שלאַכט
מיט זיין אייביקן פיינט, דעם באַהערשער פון נאַכט,

וואָס צוריק שלעפּט אין אָפּגרונט דעם זוניקן אַקס.
און די פינצטערניש טוט זיך אויפסניי אַ צעוואַקס.

נאָר מיין אורפּאָטער בייגט איין זיין פעלדזיקן קאַרק,
און הייבט אונטער די זון אַזוי שווער ווי אַ באַרג.

נעמט זיך וואָרפן דער נאַכט־פיינט — דער האַריקער קנויל,
און ער כאָרכלט אַרויס פון זיין פינצטערן מויל:

„דו ביסט מוטיק אין שטרייט, און ביים זיג פול מיט גנאָד,
דו ביסט אייביק און דיר איז אַ וואָרעם אַ שאָד.

ווי אַלמעכטיק ביסטו. טראָגסט די זון אויף דיין קאָפּ.
דיינע כוחות האָב איך אויסגעפּרואווט. לאָז מיך אָפּ."

זאָגט מיין פּאָטער: „איך לאָז דיך, מיין גורל, ניט פריי,
ביז דו בענטשסט מיך, מיין שכן זאָל זיין מיר געטריי."

פון דעם תהום וואו אין אָנמאַכט איך ליג מיט מיין דור,
שטרעק איך אויס מיינע הענט ביז צום ראַנד פון קאַיאָר:

„ניט פאַרטרוי זיך דעם פיינט. ער איז שוואַרצער אין־סוף.
פאַר דיין רחמים צו אים — טראָגט דיין נאָכוואוקס די שטראָף."

נאָר מיין אורפאָטער העלפט אים זיך שטעלן פון שטויב,
דער געפאַלענער האָט אים פאַרנאַרט מיט זיין לויב — — — —

און איך זע אין פאַרנאַכט מיט פאַרשטיינערטן גרויל,
ווי עס קייקלט אַראָפּ זיך דער זוניקער קויל,

איבער באַרג, איבער טאָל, אין דעם זומפּיקן קויט —
ווייל מיין אורפאָטער קינדיש זיין טויט־פיינט געטרויט.

# דער דור פֿון מדבר

שטייט אויף און לאָמיר וואָגלען איינער נאָכן אַנדערן,
ביז אַלע וועלן אויספֿאַלן. מיר האָבן גאָט דערצאָרנט.
פֿאַרוים וועט משה מיטן הויכן שטעקן וואַנדערן,
זיין קאָפּ וועט פֿייערן מיט הערנער שטראַליקע געהאָרנט.

פֿאַר אויפֿשטיין קעגן אים — מיר זיינען גאָט־פֿאַרשאָלטענע.
די מורדים זיינען טויט. נאָך בושעווען די פֿייער־צונגען.
נאָך רייכערט זיך און צוקט די ערד די אויפֿגעשפּאָלטענע,
וואָס האָט די ניט־געדולדיקע צו ליידן מער — פֿאַרשלונגען.

ביטאָג פֿאַרברענט פֿון היץ, ביינאַכט פֿון קעלט געפֿרוירענע,
מיר האָבן מיטגעשלעפּט גאָטס אָרון און אויך יוספֿס ביינער.
נאָר אונדז אין שטורעם־ווינט פֿאַרבלאָנדזשעטע, פֿאַרלוירענע,
ניט מיטנעמען וועט קיינער. ניט געדענקען וועט אונדז קיינער.

מיר זיינען אַלט. געלעבט מיר האָבן אָפּגעזונדערטע
מיט ניסים; האָבן מיר אָן נס צו לעבן ניט קיין קרעפֿטן.
בלויז זיי, די יורשים אונדזערע, די וועלט־באַוואונדערטע,
זיי קענען מיט דער וואָר וואָס אָן אַ חלום — זיך באַהעפֿטן.

געשריען האָבן מיר ביים סיני־באַרג באַנומענע:
„פֿאַרקריץ אויף אונדזער לייב ווי אויף דיין שטיין דעם בונד
דעם נייעם."
נאָר ס'וועלן אָפּשפּאָטן פֿון אונדז די ניי־געקומענע:
„דער מדבר־דור געבענקט האָט נאָכן פֿלייש־טאָפּ פֿון מצרים."

# דוד דערמאָנט דעם קעניג שאול

אַליין האָסטו דערשטאָכן זיך, באַזיגטער קעניג,
ווי אויף אַ טראַנשטול — אויף די שטיין־בערג פון גלבוע.
באַפרייט האָסטו דיין קאָפּ. און איך טראָג אונטערטעניק
דיין קרוין פון גאָלד אויף מיינע שלייפן, אויף די גרויע.

דיין בלוט האָט אָנגעצונדן אויף די בערג אַ פייער,
דיין טויט האָט אָנגעצונדן אין מַיין הארצן — קנאה.
איך בין שוין אַלט. פון גאָר מיין רום איז איצט מיר טייער
די ליבשאַפט פון דיין זון צו מיר און אויך דיין שנאה.

געפייניקט האָט דיין ליבּ דער האַס דער ניט־געשטילטער,
ביז דו האָסט מיט דיין שווערד דיין שנאה דורכגעשטאָכן — — —
דו האָסט, אין נעפּל פון דיין בלוט אַן איינגעהילטער,
געלאַכט פון שפּילער אויף דער האַרף — פון מיין נצחון.

אַ גליק, איך האָב געקענט דיך בלויז אין מדבר־היילן,
דער חלום אויך צו זיין ווי שאול — אַ געביטער.
איצט הער איך זינגער פון מיין העלדישקייט דערציילן,
און איך בין מיד, ווי שפּעט־זומער אין פעלד דער שניטער.

מיין אָוונט פאַלט צו שטיל. איך הייב אויף מיינע וויעס,
און זע דיך, שאול, אויפן טראַנשטול פון גלבוע.
דיין קאָפּ דער מאַרמאָרנער באַקרוינט איז מיט דער שקיעה,
און ס׳דריקט דיין קרוין אויף מיינע לאָקן, אויף די גרויע.

# יונה אויפֿן ים

פֿארצווייפֿלונג פֿון דעם נביא יונה, לעצטער העלדנמוט,
דו האָסט די האַנט פֿון גאָט צוריקגעשטויסן — און אַנטלאָפֿן.
און אויף דעם ים האָסטו געלייגט זיך ווי אין אייגן בלוט,
אַ שטום-פֿאַרגליווערטער, פֿאַריאושטער, און איינגעשלאָפֿן.

דער ים האָט אויפֿגעברויזט. די שיף האָט אויף איין זייט זיך
אויפֿגעשטעלט,
און איבער דיין געזיכט האָט זיך דער הימל אַנגעצונדן.
ווי ס'וואָלט דער גורל דיך אַרומגעזוכט דורך גאָר דער וועלט
און דיך געפֿונען און מיט בליצן דיך געבונדן.

איך האָב געהערט ווי ס'האָט געפֿרעגט ביי דיר דער קאַפּיטאַן:
„ווער ביסטו און וואָס שלאָפֿסטו? ס'ציט אין תהום אונדז
דער געוויטער.”
און מיינע ליפּן האָבן נאָכגעזאָגט דיין ענטפֿער דאַן:
„איך בין אַ ייד. און גאָט איז מיין געביטער.

הייבט אויף מיך פֿון דער שיף און שליידערט מיך אַריין אין ים.
דער שטורעם-ווינט איז צוליב מיר. איך בין פֿון גאָט אַנטרונען.”
איך האָב געזען דיך איינגעהילט ווי אין אַ שוואַרצן פֿלאַם —
אין טרויער, ווייל דיין גאָט האָט דיך געפֿונען.

איך האָב געזען דיין גוף אויף אויסגעשטרעקטע הענט.
פֿאַרזונקען ביסטו רואיק אין דעם ים. געהערט האָב איך די שטימען
פֿון די וואָס האָבן זיך נאָך רעטונג צו דיין גאָט געווענדט,
און פֿרום געבעטן אים זיי זאָלן צו אַ ברעג דערשווימען.

די כוואַליעס האָבן איינגעשטילט זיך און דיר נאָכגעזאָגט:
„מיט גאָט האָט ער פֿאַרפֿירט אַ שטרייט נאָך אין די יונגע יאָרן.
ער איז געשטאָרבן ניט באַזיגט! ווייל ער האָט ניט באַקלאָגט
די גורל-שלאַכט מיט גאָט וואָס ער האָט אַנגעוואָרן.”

# די פארברענטע מגילה

— איך האָב דיין מגילה פאַרברענט, דיך פאַרטריבן,
און רואיק געדרעמלט ביים היימישן פלאַקער.
האָסטו פון די פלאַמען אַ בריוו מיר געשריבן,
ווי דו וואָלטסט געווען אין דעם אַש-קויל פאַראַקערט.

צו ראַטעווען זיך פון דיין צאָרניקער פרומקייט,
האָב איך אין אַ פינצטערער גרוב דיך פאַרמויערט.
נאָר מער פון דיין קללה — מיך שרעקט איצט דיין שטומקייט...
דער שונא, דער שונא באַלאַגערט דעם טויער.

און איך האָב די טיר פון דיין תפיסה צעבראָכן,
איצט זיינען מיר ביידע פאַרשווערער געהיימע.
איך שטיי אויף דיין שוועל ווי אַן אָרעמער שכן:
מיין קיניגטום וואַקלט. דערלייז מיך פון אימה.

— דו האָסט אין אַ ליימיקער גרוב מיך פאַרגראָבן,
איך האָב ניט געבראַכט דיר קיין טרייסט-וואָרט פון ליגן.
געוואָלט האָט דיין גאווה — באַזינגער בלויז האָבן,
וואָס זאָלן מיט לידער פון לויב דיך פאַרוויגן.

איצט זוכסטו ביי מיר אין דער תפיסה אַ רעטונג.
אין טויט-שלאַכט ביסטו אין געטומל אַנטרונען,
דיך זאָל דאָס באַלאַגערטע פאָלק ניט צעטרעטן,
וואָס דו האָסט אין קלעפיקן שלאָף עס פאַרשפּונען.

פון פייער וואו דו האָסט מיין קלאָג-ליד געשליידערט,
אויף דיר גייט אַ וואָלף... און דו יאָמערסט פאַרצווייפלט.
די הויף-זינגער האָבן פון דיר זיך דערווייטערט,
און דו האָסט דיין שטראָף — און מיין קלאָג-ליד געכפּלט.

# מנא מנא תקל ופרסין

ווען איר, זיג־פאַרשיכורטע, טרינקט אויף האַלבנאַכטיקע בעלער,
דערזעט איר אויף ווענט אונדזער בלוט ווי אַ שריפט אַ געהיימע.
מיר זיינען אַ נאַכט־גלאָק אין אייער פאַרבאַרגענעם קעלער,
און קלינגען אייך אויס אייער אייגענע פינצטערע אימה.

כאָטש איר ווילט מיט אונדז דעם צעעפנטן אָפּגרונט פאַרשטאָפּן,
פון אונדזערע לייבער אַ בריק אויפן תהום טויט איר פלעכטן —
זייט וויסן, מיר זיינען דער ערשטער פאַרגאָסענער טראָפּן,
אַן אָנזאָג, אַז באַלד וועט איר איינע די אַנדערע שעכטן.

די גיפטיקע טויט־שוואָם ביי אייערע שטאַמען נעמט בליען,
ווען איר קענט ניט מער אייער אייגענע פוילונג באַצווינגען;
ווי פאַרביק־געשפּרענקלט די גיפטיקע שוואָם זאָל ניט גליען,
איז איינגעקאַרבט אייער צעפוילונג אין בוים, אין די רינגען.

# דער טאָוול

איך האָב מיין קאָפּ פאַרגראָבן וויינענדיק אין טאָוול
וואו איך האָב אויסגעקריצט דיין שטאָט: אַ גאָט, באַפריי עס
פון דער באַלאַגערונג. מיין קערפּער ליגט אין בבל,
און מיט מיין פּנים ליג איך אויף דיין הר־הבית.

אַ טרוים האָט מיך צום טאָוול צוגעשמידט מיט קייטן.
איך זינק אין ליים און גליוזער צוגעדעקט מיט רעגן.
באַלד וועלן מיינע גלידער מיר שוין מערניט ווי טאָן —
איך שטרעק אויס מיינע אָרעמס ווי צוויי וואַנדער־וועגן.

און צו דעם קאַלטן טאָוול דריק איך מיינע ליפּן:
מיין גוף איז אָרום דיר אַן ערד־וואל דיך צו שיצן.
לאָד אויס דיין וואָלקן־ברוך, מיין גאָט, אויף מיינע ריפּן,
נאָר קריץ ניט אויפן שטיין מיט דיינע גרינע בליצן.

איך האָב מיין גערשטן־ברויט אויף ציגן־מיסט געבאַקן,
פאַר די באַלאַגערטע האָב איך דעם קויט געשלונגען.
און איך האָב איינגעבראָכן פאַר דעם פיינט מיין נאַקן,
דיין מקדש זאָל ניט ווערן פון דעם פיינט באַצוואונגען.

דאָ זינק איך אין דעם ליים אַ ניט־געטרייסטער אבל,
און זע פון טאָוול אויפשיינען אַ טאָג אַ נייעם.
פאַרגראָבן ליגט מיין גוף ביים וואַסער־ברעג פון בבל,
און מיט מיין פּנים ליג איך אויף ירושלים.

נאָר אויב דו ועסט מיין טרוים וואָס שלאָפט אין שטיין פאַרשוועכן,
און פייערן דער שטורעם־באַק וועט זיין נצחון,
וועל איך דעם טאָוול — דיין מצבה־שטיין צעברעכן,
ווי משה האָט די לוחות אויף דער העלפט צעבראָכן.

# די תפילה

האָסט מיין ווייב צוגענומען — און איך האָב געשוויגן,
ווייל באַפוילן האָסטו מיר מיין בראָך צו פאַרשווייגן.
איצטער שווייג איך ניט מער: לאָז מיך נאַקעט ניט ליגן,
ווי אַרונטערגעבראָכענע הארבסטיקע צווייגן.

איך האָב קיינמאָל פאַר זיך קיין גענאָד ניט געבעטן,
און איך האָב ניט דערמאָנט אין מיין תפילה מיין נאָמען.
איצטער בעט איך ביי דיר: גאָט, דו זאָלסט אויף מיר טרעטן,
ווי דו טרעטסט אויף די פעלדזן און וואַסער נעמט שטראָמען.

אין מיין יוגנט געלעבט האָב איך שטיל און באַזונדער,
און מיין ברויט און געצעלט האָט געטאָן מיך דערפרייען.
האָסטו מיך פאַר דיין אָפּבילד געמאַכט, פאַר דיין וואונדער,
און מיין ווייב אומגעבראַכט און פאַרשטיקט מיינע ווייען — — —

האָסט געגנייט פון דיין זאַמדיקן ווינט מיינע קליידער,
און געהייסן מיר: „שלאָג מיט דיין פוס אין דעם באָדן.
און פאַרברעך דיינע הענט. גיי און וואָרן כסדר.״
און דיין טראָנשטול האָסטו אויף מיין קאַרק אָנגעלאָדן.

און עס האָט מיך געפירט דיין אַלמאַכטיקער אָרעם,
מיך דערפרייט און געהאַלטן אין ביטערניש שטענדיק.
ביז דערפילט האָב איך פלוצלונג דעם ליים פון די קברים
אין מיין לייב, ווייל דיין ליכט האָט פון מיר אויסגעבלענדיקט.

לאָז מיך, גאָט, ניט אַליין. ווי אַ קינד אין דער פינצטער
האָב איך מורא צו בלייבן אָן דיר אויף אַ רגע.
איך בין אַלט. און אָן דיר וועט דער אָנריר דער מינדסטער
מיינע ביינער צעשיטן ווי שטויב אויף די ברעגעס.

# איך וויל שטאַרבן וואו איך האָב געחלומט צו לעבן

בײ די טייכן פון בבל לאָז, גאָט, מיך ניט שטאַרבן,
ניט נעוואָלט האָב איך דאָ אין דעם פרעמדן לאַנד לעבן.
דאָס געשטאַלט פון דיין מקדש נאָך שטראַלט אין מיין שאַרבן.
און עס זיינען פאַרוואַקסן אין מיינע געוועבן —
דיינע פראָסטיקע נעכט מיט די גליאיקע שטערן,
וואָס פאַרטערן אַפילו בייטאָג מיינע וויעס ;
ווען עס ווילן אין נאַכט-קעלט פאַרלאָשן ניט ווערן
דיינע בלוט-טראָפּנס — דיינע פאַרזונקענע שקיעות.
אין מיין שלאָף רוישן ביימער מיט זוניקע שפּיצן,
וואָס דו טוסט דורך מיין מויל מיט דיין פאָלק זיי פאַרגלייכן.
דיין געוויטער טונקט אָפּ אין מיין לייב זיינע בליצן,
ווי עס טונקען די וואָלקנס זיך אָפּ אין די טייכן.

**האָסט פאַרשפּאַרט אין מיין גוף וואָלף און לייב פון די שטייגן —**
**און איך לאָז זיי אַרויס צו באַשטראָפן דעם זינדער.**
**האָסט פאַרפּלאָנטערט אין מיר שטאָם און וואָרצל און צווייגן —**
**זאָל עס צודעקן שטויב פון מיין גלות אַצינדער ?**

**ווּעסט דיין גאַנצן באַשאַף מיט מיין קערפּער באַגראָבן !**
**נאָר באַדאַרפסטו ניט מער פאַר דיין שפּיגל מיך האָבן,**
**טראָג מיך, גאָט, פאַר די האָר ווי דו האָסט מיך געטראָגן**
**אין דיין מקדש אַמאָל, דיין נבואה צו זאָגן.**
**היים די היים-בערג זיך שפּאַלטן, אַ קבר מיר געבן :**
**איך וויל שטאַרבן וואו איך האָב געחלומט צו לעבן.**

# פאר דער פרייד

פאַר דער פרייד וואָס עס שלעפּט מיך דער ווינט פאַר די האָר,
און איך הער אין די נעכט אַ געפלאַטער פון פליגל,
פון באַפליגלטע חיות וואָס זינגען אין כאָר,
און איך שמעלץ זיך אין פלאַקער ווי זילבער אין טיגל;
פאַר דער זעאונג וואָס טרייסלט מיין לייב, און איך גאַר
נאָך צו פיבערן שטאַרקער אין היץ פון חזיון;
פאַר דער בענקשאַפט וואָס גליט דורך מיין וואָלקן פון צער,
ווי דער טראַנשטול פון גאָט גליט אין פייער אין בלויען;
פאַר זיין מאַכטיקער שטים וואָס פאַרקלינגט מיין געמיט,
ווי אַ ים וואָלט געכוואַליעט אין הילכיקן שטורעם;
פאַר דער לוסט וואָס איך פיל אויף מיין לייב זיינע טריט —
וויל איך זיין פאַר אים שטויב, וויל איך נאָכגיין אין שפּור אים.

ער האָט מיך מיט די זאַמדן פון מדבר באַדעקט
און אַריינגעבריט אין מיין געביין זיינע פלאַמען,
און זיין פּנים האָט ער אין מיין אָנבליק אַנטפּלעקט,
ווי דער הימל געפינט זיין געוועלב אין די ימען.
און אויך איך האָב דערהערט מיין געשריי — אין זיין רוף.
זאָל מיין באָרד זיין אַ וואַלד וואו די פייגל זיךווימלען;
זאָל מיר שווער זיין מיין אייגענער נאַקעטער גוף,
ווי אַ ליים-בערגל אונטער פאַררעגנטע הימלען.
זאָל מיין לייב זיין אַ שרעק-בילד, אַ משל פון שפּאָט.
דער המון זאָל מיך ווייכן. זאָל שרעקן מיין קול אים.
פאַרן גליק צו זיין נאָענט מיט די שטערן פון גאָט —
בין איך גרייט אין מיין מדבר-הייל לעבן אין חלום.

# אינהאלט

זייט

## היים



## אין אַנדער עק וועלט



## דער מאַמעס צוואה

זייט



## ט ר ע פ



## ביים ים



## די געטער פון די בערג

זייט

## אליהו



## מיין אורפאָטער